נ. סיגאַלאָווסקי

# אין קריג

טרילאָגיע

בוך צוויי

## פויערים



אַרויסגעגעבן פון
י. ל. פּרץ ברענטש 107 אַרבעטער רינג
נוואַרק, ניו־דזשוירזי, 1944

31 BRAGAW AVE.

דעם ליכטיקן אָנדענק
פון מיינע עלטערן
הערשל און חיה, ז"ל.

# IN KRIEG

**Trilogy**

Volume II

**POYERIM**



Printed in U. S. A.

Posy-Shoulson Press, New York

255

# קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

מאַקאַר קושטש האָט זיך דורכגעוואָרפן אין דער פינצטערער שטוב און זיך איינגעהערט. דאָס ווייב און די קינדער זיינען נאָך געשלאָפן און נאָר דאָס זויג־קינד, אַלעקסע, האָט שוין דערוואַכט צום עסן. ער האָט מיט כעס געזויגן די ברוסט ביי דער מוטער, זיך אָפּגעריסן פון איר און ווידער צוגעפאַלן זייגן מיט אַ בייזן ברומען, גרייט זיך צו צעוויינען אויף אַ קול.

מאַקאַר האָט פאַרשלאָפן געטראַכט:

„וועלכעס איז דאָס שוין ביי מיר, — דאָס דרייצנטע?... דאָס דרייצנטע, האָט ער זיך געזידלט, — אָנגעפּלאָדיעט, אָנגעפּרוכפּערט, נאַרישער, אומריינער מוזשיק! פּופּצן פּיסקעס שפּייזן האָסטו זיך אונטערגענומען, און איצט שלאָפסטו אָן וועטשערע... אָט האָסטו דיר!... די קו עסט עסט נאָך אַביסל היי, די פערד קומען שוין אָפּ מיט הוילער שטרוי און פאַר די קינדער איז שוין באַלד קיין קאַרטאָפליע ניטאָ. וואָלט כאָטש דאָס עלטסטע קינד געווען אַ יינגל, וואָלט ער איצט געווען אַ פּאַרובאָק אין פּריצי'שן הויף... גיי, אַז די עלטערע פיר זענען גאָר מיידן, שקראַבעס! אויסדישען, אויסשטיקן דאַרף מען זיי איינס נאָך איינס, איינס נאָך איינס, נאָכדעם אונטערצינדן די שטוב מיט די שטאַלן און שייער און אַליין פאַרברענט ווערן.

קושטש האָט זיך אויפגעזעצט און מיט דער האַנט געריבן די פאַרשלאָפענע אויגן.

— מאַרטאַכע! — האָט ער גערופן די ווייב.

—טי טשאָהאַ? — (דו וואָס?) האָט זי אים געפרעגט.

— אפשר וואָלסטו אויפגעשטאַנען און איינגעהייצט? — האָט ער געבעטן.

— וואָס וועל איך אויפשטיין און וואָס וועל איך איינהייצן, — האָט זי געענטפערט — אַז גאָט האָט אונדז פאַרשעמט מיט ליידיקע טעפּ?

דאָס קינד האָט זיך ווידער אָפּגעריסן פון דער ברוסט און זיך צעוויינט. ווילד און פאַרצוויפלט האָט זיך זיין קול'כל געריסן און איבערגעפילט דאָס קליינע שטיבל מיט אַ הילכיק קוויטשעריי. עס האָבן זיך אויפגעכאַפּט נאָך עטלעכע קינדער און זיך אויך צעוויינט.

— ציכאַ, ציכאַ!...— האָט די מוטער איינגענומען די קליינ־וואָרג און קושטש האָט געשאָלטן:

— אַ פּאָהיבעלי נאָ וואָס נעמאַ, טשאָרטי פּראָקליאַטושטשי! (עס קומט גאָרניט אויף אייך קיין אויסכאַפּעניש, טייוואָלים פאַרשאָלטענע!)

די קינדער זענען פון שרעק שטיל געבליבן, אָבער דאָס זויג־קינד האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט. די מוטער האָט דעם קינדס לייב געטוליעט אין איר לייב און דערמיט עס איינגעשטילט.

— האָרע מאָיע, האָרע מאָיע! (צרות מיינע) האָט קושטשיכע געקרעכצט.

—ווזשע דען? (טאָגט שוין?) — האָט זי דער מאַן געפרעגט.

— לעבאָן דען (מסתמא איז שוין טאָג) האָט זי געענטפערט.

— עס דאַרף שוין טאָג ווערן, מחמת עס איז זייער שטאַרק פינ־צטער... אוי, פינצטער, פינצטער! — האָט זי אויסגערופן, טוליענדיק דאָס קינד צו זיך שטאַרקער און שטאַרקער. זי האָט עס האַסטיק געוויגט אויף די הענט און זיך צעזונגען:

— הו־הו־הו־הו־הו — און נאָכאַמאָל: — הו־הו־הו־הו־הו...— איר קול איז געווען שוואַך און געלעגערט און עס האָט זיך אויסגע־מישט מיטן קינדס פאַרשטיקטן געוויין אַזוי לאַנג און אַזוי לאַנג, ביז דאָס קלייניקע האָט אָנגעהויבן ווערן שטילער און שטילער און ס'איז איינגעשלאָפן. און אַזוי ווי עס איז שטיל געוואָרן, האָט זיך באַלד דערהערט דאָס פּילטאָניקע כראָפּען און שנאָרכן און שמאָרען פון אַלע שלאָפנדיקע, וואָס זענען ערגעץ געווען צעוואָרפן און צונויפגע־קאָרטשעט אויפן פּאָל, אויף דער לעזשאַנקע און אויפן אויוון. די ענגשאַפט איז געווען אַזוי גרויס, אַז וואו קושטש האָט אַ וואָרף געטאָן מיט אַ האַנט, האָט ער אָנגעטראָפן אויף עמיצן פון זיין חברה.

מאָקאָר האָט גראָד איצט געהאָט אַ האַלבע שטוב אַ ליידיקע, דאָרט וואו ראַבינאָוויטש איז איינגעשטאַנען, אָבער ס'איז זי ניט געווען מיט וואָס צו באַהייצן.

מאָקאָר איז געוואָרן וואַכנדיק. דער הונגער, וואָס האָט נאָך פון נעכטן געקאָיעט אין אים, האָט זיך אַצינד געשטאַרקט און, ווי אויס־געהוילט זיין גאַנצן אינעווייניק...

ער איז אויפגעשטאַנען און אין דער פינצטער זיך געלאָזט צום נאָמיסניק. (געפעס־שראַנקל) ער האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן עמיצנס פיס און איז שיעור געפאַלן. ער איז קוים צוגעקומען צום נאָמיסניק און געפונען דערביי די בלעכענע קוואָרט מיט וואַסער. ער האָט געטרונקען, און יעדער שלונג וואָס ער האָט געטאָן, האָט זיך טויב אָפּגערופן אין שטוב. קושטש האָט זיך געקוויקט, אָוועקגעשטעלט די ליידיקע קוואָרט, פאַרשאַרט די האָר פונעם שטערן און זיך גענומען זאָגן די פרימאָרגנדיקע תפילה.

ער האָט געדאַוונט אויף אַ קול און איטלעך וואָרט אַרויסגערעדט שאַרף מיט אַ געבייזער, און די אַזוי אויך פרעמדע, סלאַווישע ווערטער, זענען נאָך פרעמדער און שטרענגער, און קעלטער געוואָרן.

מאַרטאָכע האָט אָפּגעוואָרט, ביז דער מאַן האָט געענדיקט די תפילה. זי האָט פאַרזיכטיק אַוועקגעלייגט דאָס שלאָפנדיקע קינד אויף דער מאָגער־אָנגעבעטער שטרוי, אויפן פּאָל און זי האָט אָנגעהויבן זאָגן די זעלבע תפילה, וואָס מאַקאַר האָט ערשט געברומט.

זי האָט געבעטן פאַר דעם קנעכט מאַקאַר וואַסיליעוויטש און פאַר דער קנעכטין, מאַרטאָכע קאַרפּאָוונאַ, און פאַר דער קנעכטין האַרפינע מאַקאַראָוונע, דער עלטסטער טאָכטער... און אַזוי האָט זי דערמאָנט יעדן קינדס נאָמען, לויטן עלטער, ביז זי איז צוגעקומען צום קלענסטן. די מוטער איז שטיל געבליבן. באַלד האָט איר שטים אַ ציטער געטאָן. זי האָט איבערגעריסן די סלאַוויאַנישע שפּראַך און אויסגערופן פאַר־צווייפלט אין אייגענעם אוקריייניש:

„אָ, האָספּאָדי, באַטקאָ מילאָסערדי! טיי זמילויסיאַ ווזשע נאַד כלאָפּטשיקאָם אלעקסעיעם, נאַד מעיו מאַלעסנקאָיו דיטינאָיו, שטשאָם ריס אי וויריס זדאָראָווענקי, טיי שטשאָב ניקאָלי האָלאָדנענקי נע בואַו שטשאָב אָטשי יאָהאָ סוויטלאָ סוויטיליסיאַ טיי שטשאָב ניגדעל האָריאַ נע פּלאַקאַלי! שטשאָב יאַ, האָספּאָדי באָזשע, מאָאיך דיטאָטשאָק וויכאָ־וואַלאַ אי וועליקימי באַטשיטי דאָטשיקאַלאַ!...״

אויף יידיש וואָלט עס געמיינט אומגעפער אַזוי:

אָ, גאָט, טאַטע האַרציקער! דערבאַרעם זיך שוין אויף מיין יינגעלע אַלעקסעי, איבער מיין קליין קינדעלע, אַז ער זאָל וואַקסן און אויסוואַקסן אַ געזונטיקער און זאָל קיינמאָל קיין הונגעריקער ניט זיין, אַז זיינע אויגן זאָלן ליכטיק לייכטן און זיי זאָלן קיינמאָל פון צרות ניט וויינען, אַז איך, האַר־גאָט, זאָל מיינע קינדערלעך אויפציען און זיי דערלעבן צו זען גרויסע!

זי האָט איבערגעריסן די תפילה, ווייל זי האָט געהערט, ווי מען האָט געעפנט די טיר. זי האָט זיך אין דער פינצטער אומגעקוקט, זי האָט אָבער קיינעם ניט געזען און נאָר געפילט, ווי אַ שאַרפע קעלט איז איר אויף די פיס אַרויף. די טיר האָט זיך האַסטיק פאַרהאַקט און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז מאַקאַר אַרויסגעגאַנגען. זי האָט שפּעטער אַ ווײַלע די תפילה געענדיקט. זי האָט זיך אָנגעבויגן, אַרומגעקראַכן דאָס געלעגער אַרום און אַרום און קריכנדיק אין דער פינצטער, געסמיקעט פון דער אָנגעבעטעטער שטרוי, אַרומגעפליקט דאָס געלעגער אַרום און אַרום און אָנגעזאַמלט אַביסל שטרוי. זי האָט די שטרוי אַרונטערגעשטופּט אונטערן פּריפּעטשיק און זיך גענומען איינהייצן.

און מאַקאַר איז געגאַנגען אין קעלער אַריין. דאָרט האָט ער אין אַ ווינקל געהאַט פאַרגראָבן בוריקעס, רעטעכער און כריין. האָט מען שוין די בוריקעס מיט די רעטעכער באַלד אויפגעגעסן און נאָר כריין איז נאָך פאַרבליבן היפּשע עטלעכע צענדליק וואָרצלען.

מאַקאַר האָט אויסגעגראָבן אַ וואָרצל כריין און עס באַשמעקט. עס האָט געטראָגן דערפון מיט קעלער־ערד און מיט צווינטער. ער האָט עס אַרונטערגערוקט אונטערן פּעלץ און עס אַריינגעבראַכט אין שטוב.

אין אויוון האָט שוין געברענט און מאַרטאַכע איז געזעסן אויפן פּריפּעטשיק און געשפּינען פון דער קלאַטשע.

— אַ טי דע כאַדיוו ? — האָט זי געפרעגט. (וואוהין ביסטו געגאַנגען ?)

— קלאַד זניישאַוו, — (אַן אוצר געפונען) האָט ער איר פאַרבי־טערט געענטפערט.

— אויף אונדז וועט זיך שוין גאָט קיינמאָל ניט דערבאַרעמען, — האָט זי מיט אַ וויינענדיק קול געזאָגט.

מאַקאַר האָט אַרויסגענומען דאָס פאַרערדיקטע ווערצל כריין פון אונטער דער פּאָלע און איר געוויזן.

— זעסט, — האָט ער געזאָגט — איך האָב געבראַכט צוקער און דו גיב טיי. — ער האָט אַ לאַך געטאָן. זי האָט אויך געוואָלט מיט־לאַכן און איר מויל האָט זיך פאַרקרומט און אַזוי, אויסגעקרומט געבליבן שטיין. דערצו האָט זי נאָך שטומערהייט צוגעוויגט מיטן קאָפּ אויף ניין, נאָכדעם — אויף יאָ און אויף יאָ.

און מאַקאַר האָט זיך דורך דער שלאָפנדיקער חברה צוגעשלאָגן צום טיש און מיט אַ מעסערל אָנגעשניטן דינינקע רעדעלעך כריין.

ער האָט פונעם נאָמיסניק אַראָפּדערלאַנגט אַ לעבל ברויט, אָפּגעבראָכן אַ שטיק דערפון, עס באַשאָטן מיט אַ סך זאַלץ, האַסטיק אויפגעגעסן און פאַרטרונקען מיט וואַסער... און ערשט נאָכדעם אָנגעהויבן עסן — פריער אַ גרויסן ביסן ברויט און נאָכדעם אַ רעדעלע כריין.

מאַרטאָכע האָט הונגעריק געשלונגען די סלינע און אַלע ווילע געכאַפּט אַ קוק צום מאַן. ער האָט זיך אויף איר ניט אומגעקוקט און ניט צוגענומען די אויגן פונעם ברויט מיטן כריין, ביז עס איז שוין פון די מאכלים גאָרניט געבליבן. ערשט נאָכדעם האָט ער מיט דער האַנט אַראָפּגעשאַרט די ברעקלעך פונעם טיש אין דער צווייטער האַנט, אַרייַנגעשאָטן די ברעקלעך אין מויל אַריין און מפסיק געווען: „אָט פּעטשע!“. (אָט בראָט!)

מאַרטאָכע האָט אים דערויף גאָרניט געזאָגט, נאָר האַסטיק געדרייט מיט דער גרויסער, שפּיציקער ווערעטענע און נאָך אַלץ געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין און אויף ניין.

מאַקאַר איז געוואָרן באַרעדעוודיק.

— אַזאַ וואוילער מענטש געווען, — האָט ער געזאָגט — האָט ער זיך אַריינגענומען זשידיווסקי פּריקאַזקעס (יידישע געשיכטעס) אין קאָפּ אַריין און מען האָט אים פאַרשיקט אין קוצעמענט!...

מאַרטאָכע האָט דערויף געזאָגט:

— אַ ייד איז ער טאַקע, אָבער זאָל אים גאָט געבן געזונט, וואו ער וועט זיך נאָר קערן, דערפאַר וואָס אַ נשמה האָט ער אַ ריינע, אַ קריסטלעכע און ער האָט אין אונדז אַ סך גוטס געטאָן.

— אַזאַ מין אָפּ־שמד'ן, — האָט מאַקאַר געזאָגט, וואָלט דאָס געווען אַ טשאָלאָוויק (אַ מענטש) נאָך בעסער פונעם גלח.

— דער גלח, — האָט מאַרטאָכע בייז געזאָגט — אַז גאָט אַליין טוט פאַר מיר גאָרניט, וואָס קאָן שוין דער גלח טאָן?

— דו זאָלסט מיר אויפן פאָטער גאָרניט זאָגן! — האָט זיך שוין מאַקאַר געבייזערט — און גאָט וועט מיר שוין דאַרפן מוחל זיין, וואָס איך האָב דעם פאָטער פאַרגליכן צו אַ יידן.

— מע שמועסט, אַז ער האָט אויך אַ יידישע נשמה.

— ווער?!

— נו, טאַקע ער, דער באַטיושקע.

— הער אויף צו בעבען!... אוי, ס'ע בראָט! האָט זיך מאַקאַר אַ כאַפּ געטאָן.

— דאָס וועט איבערגיין — האָט אים מאַרטאָכע געטרייסט. — דו ביסט שוין אַן אַנגעגעסענער, גיי נאָר אַרויס אויף גאַטס וועלט, אפשר וועסטו ערגעץ קריגן אַ פּודיקל מעל.

— מאַקאַר האָט אָנגעשטעלט זיינע קליינע אויגן אויפן ווייב און די רויטע באָרד זיינע האָט זיך אויך אָנגעשטעלט אויף איר.

— גיין הייסטו מיר? — האָט ער איבערגעפרעגט — וואוהין זאָל איך גיין — צום טייוול?

— דו, — האָט זי אים געראָטן — דו גיי בעסער צום יידן, אַרון. ער וועט דיר באָרגן: ער האָט אונדז פּאַראַיאָרן אויך געבאָרגט. און אַז מיר׳ן דערוואַרטן זומער, וועלן מיר אים אָפּטאָנצן...

— נע פּידו! (איכ׳ל ניט גיין!) האָט מאַקאַר געזאָגט.

פאַראָכטטאָגן בין איך געגאַנגען, היינט גיי דו — האָט אים מאַרטאָכע געבעטן.

— ביסט פאַראָכטטאָגן געגאַנגען, — מעגסטו היינט אויך גיין, — האָט ער איר אין טאָן אָפּגעענטפערט.

— איך קען ניט!

— איך קען אויך ניט — איז מאַקאַר געווען איינגעשפּאַרט.

— זעסט, — האָט זי אים אָנגעוויזן אויפן נאַמיסניק, וואָס איז אַלע ווילע באַלויכטן געוואָרן פונעם ברענענדיקן אויוון — אַ ברויט און אַ האַלבס, מיר וועלן שוין היינט אויף וועטשערע ניט האָבן. גיי, מוזשיקו, גיי, טשאָלאָוויטשע! אַרון וועט צובאָרגן!...

מאַקאַר האָט אַ האַסטיקן זעץ געטאָן אין טיש און אויסגעשריגן:

— נע פּידו! (איכ׳ל ניט גיין!)

פונעם קלאַפּ האָבן זיך די קינדער אָנגעהויבן אויפכאַפּן. עס האָבן זיך אויפגעהויבן צוויי צעשויבערטע, ווילד־פאַרוואַקסענע קעפּ.ביידע האָבן זיך מיט איין מאָל אויפגעהויבן פון דער שטרוי, וואָס אויף דער ערד, ביידע האָבן מיט קויטיקע, אָנגעדראָלענע הענט געריבן די אויגן און ביידע האָבן וויינענדיק אַרויסגערעדט:

יאַ האָלאָדען! (איך בין הונגעריק)

און פון דער לעזשאַנקע האָט אַ קליין מיידעלע מיט ברוינע, צעשורפּעטע האָר און שמאָלע, לעבעדיקע אויגלעך, אונטערגעכאַפּט:

„מאַמאַ, איסטע!" (מאַמע, עסן) און פון דעם אויפנאַוויון האָט זיך דער־טראָגן אַ געוויין... מאַקאַר האָט ווידער אַ זעץ געטאָן מיט זיין גרויסן, שוואַרצן פויסט אין טיש און אויסגערופן:

— טישאַ, טשאַרטי פּראַקליאַטושטשי! (אין אַ שלעכטן רוסיש: שטיל, טייוואַלים פאַרשאַלטענע!)

די קינדער האָבן זיך איינגענורעט אין דער שטרוי און פון דאָרט, ווי געשלאָגענע הינטלעך, אַרויסגעקוקט. און מאַקאַר האָט אָנגעטאָן זיין פּעלץ און אויפן פּעלץ נאָך אַ סוויטע, ער האָט זיך אַרומגעבונדן מיט אַ גראָבן שטריק, מער קיינעם אין שטוב קיין וואָרט ניט געזאָגט און איז אַוועק צום גוטן יידן, פּאַני אָרון, וואָס באַרגט אויס אַן אָרעמען פויער אויף אַ פּוד מעל.

# קאַפּיטל ניין און צוואַנציק

ערשט ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ס'איז נאָך צו פרי צו גיין צום יידן. האָט ער זיך אומגע־קערט, אַריין אין שטאַל פריער צו די פערד, נאָכדעם, צו דער קו. די פערד זענען געווען קליין און מאָגער, די בייכער זייערע — צעצויגענע און ליידיקע. זיי האָבן געשמעקט זיינע הענט מיט זייערע פייכטע, נאָזלעכער און דורך זיינע האַנטפלאַכן האָט מאַקאַר געפילט ווי איבער זייערע קערפּערס איז דורכגעגאַנגען אַ ציטער. די קו האָט זיך פון יענער זייט וואַנט אויפגעשטעלט און אַ בעטנדיקן מוקע געטאָן. ער איז אַריין צו איר. זי האָט געלעקט זיין האַנט און אין דער פינצטער האָט ער געפילט איר הונגעריקן בליק.

„גאָט — האָט מאַקאַר געטראַכט — מע קען דאָך אפילו אויף דער כאַדאַבע ניט אַנשרייען, ווי אויף די קינדער... זיי זענען דאָך דיינע באַשעפענישן, פאַרוואָס־זשע שטראָפסטו זיי?" — ער האָט בייז געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, אַרויסגעלאָזט אַ שטומען מוק, צוגע־מאַכט דעם שטאַל און צוריק אַרויס אין דרויסן. עס איז נאָך אַלץ ניט געווען געענוג ליכטיק. ווייט, אַריבער אַלע פאַרשנייטע דעכער האָט זיך אין די פריצ'ישע געביידעס געלויכטן. פון אַ סך קוימענס אין די פויערישע הייזער האָבן שוין געשלאָגן טונקעלע זיילן רויך.

קושטש האָט באַטראַכט די האַלבע שטוב, וואו ראַבינאָוויטש האָט געוואוינט. עס איז אים געווען שווער זיך פאַרצושטעלן, אַז דאָרט אינעווייניק איז שוין ניטאָ דער יונגער, ליבער מענטש, וואָס רעדט אַזוי איידל רוסיש, וויטעט זיך מיטן אָרעמסטן מוזשיק און גיט אַוועק דעם לעצטן פּאַפּיראָס פון זיין ציגאַרעטן־שאַכטל.

דער פלאַם אין די פענצטער פון זיין באַוואוינטער האַלבער דירה איז געוואָרן שוואַכער און שוואַכער. עס האָבן זיך באַלד דערהערט פון דאָרט קולות און געוויינען וואָס האָבן פאַרהילכט דעם גאַנצן הויף.

„וואוהין אַנטלויפט מען? — האָט מאַקאַר זיך געפרעגט. ער איז אַוועק צום טויער, שווער אַריבערגעקראָכן דעם פּערעלאַז און זיך

געלאָזט צום יידן, וואָס האָט געוואוינט אַזש פון יענער זייט וואַסער־מיל. זומער פאַרשטעלן פון דאַנען די ווערבעס ביי דער ריטשקע דעם יידנס שטוב. איצט האָט מאַקאַר געזען אַרון׳ס הויז. איין פענצטער איז אין דעם געווען באַלויכטן.

מאַקאַר איז געגאַנגען, געוואָלט זען, צי עמיצער קוקט אים ניט נאָך און זיך מורא געהאַט אומצוקוקן. ער האָט איינגעטונעט דעם קאָפּ אין די אַקסלען און אַוועק, אַוועק, ווי ער וואָלט אונטער דער פּאָלע געטראָגן אַ גנבה. מער האָט מען אים שוין ניט גערופן. ער האָט זיך באַרואיקט... אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט אים שוין ווידער עמיצער נאָכגעשריגן. ער האָט דערקאָנט קוזמע׳ס קול. קוזמע איז געווען אַן אָרעמער פויער, וואָס האָט אויך, ווי מאַקאַר, געהאַט אַ פולע שטוב מיט קינדער און שוין מסתמא אויך אויף קיין ברויט ניט געהאַט. מאַקאַר האָט זיך אָפּגעשטעלט. קוזמאַ איז געשטאַנען ביי זיך אויפן פּאָדוויר, אַנגעשפּאַרט אין טויער. זיינע גראָע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק געלאַכט, האָבן אויך איצט אויפגעגלאַנצט מיט אַ לוסטיקן געלעכטער. קושטש האָט זיך ברייט צעשמייכלט, דער־וואַרטנדיק אַ חכמה פונעם אָרעמען ווייצלינג. און יענער האָט טאַקע באַלד געשטעלט קושטשן אַ פיינע שאלה:

— דיין קאָפּ האָט זיך דיר „דאַרט״ אַזוי פאַרדרייט אַ גאַנצע נאַכט, אַז דו קענסט שוין גאָר אַהים ניט טרעפן?...

מאַקאַר האָט הויך געלאַכט.

קוזמאַ האָט אַ פיר געטאָן מיט די דינע, שיטערע וואָנציעס, געעפנט אַ גרויס, ברייט מויל מיט געלע, פאַררויכערטע ציין און אַרויס־געשטעלט אַ ווייסע צונג. ער איז באַלד ווידער אַרויס מיט לשון:

— ווייז נאָר דיין צונג, קומאַניאַק!... דו לאַכסט, ווי דו וואָלסט געהאַט אַ געבראָטענעם חזיר אין פּופּיק... אָבי מע שמועסט, אַז דו ביסט אָרעם... דער אוטשיטעל דיינער האָט דיך באַזאַרגט... באַ־זאָרגט, האַ?...

— טשודאַק (מאָדנער מענטש) האָט אים מאַקאַר לאַכנדיק גע־ענטפערט — געגעסן האָב איך טאַקע, אָבער מיין האַרץ ברענט מיר, ווי אַ זינדיק ליכטל.

— באַלאַקאַיעש! (רעדסט סתם) האָט אים קוזמאַ ניט געגלייבט.

— כראַנאָם נאַשטשי נאַפּערסיאַ (מיט כריין אויפן ניכטערן האַרצן זיך אָנגעשטאָפּט)

— באַלאַקאַיעש... — האָט אים אַלץ קוזמאַ ניט געגלייבט.

— טרויסט מיר נישט ? — האָט מאַקאַר געפרעגט. ער האָט זיך צוגעבויגן צו קוזמעס פּנים און אַן אָטעם געטאָן אויף אים.

— זהאַרי טי יאָמו ז'נים (פאַרברענט וועך מיט אים !) — האָט זיך קוזמאַ געזידלט — טראָגן טראָגט פון דיר אָטשען פּריליטשנאַ, (זייער אנשטענדיק) אָבער לאָכן לאָכסטו, ווי אַ זאַטער מענטש... און איך וועל היינט אויך איבערבייסן מיט כריין, נאָר שלעכט, וואָס קיין ברויט איז ניטאָ.

— גאָרנישט ? — האָט מאַקאַר געפרעגט.

— נאָך אפשר אויף אַ וואָך, און דערנאָך, — כאָטש נעם און לייג אויפן צווינטער... הער, טשאָלאָוויטשע: איך זאָג דיר, אַז איכ'ל דערפילן מע קומט מיך נעמען אַהינצד־אַ, וועל איך מיר אַוועק אויפן צווינטער, זיך אויסגראָבן אַ פּראָסטאַרנע (גראַמע) גריבעלע און זיך אונטערבעטן אַ גאַנצן קול שטרוי, אַז ס'זאָל זיין ווייך צו ליגן... ווארעם אַז איך וועל זיך צי אויס טאָן און אין מיין כאָטע וועט ניט זיין פאַרוואָס מיך אַוועקצופירן, ניט דעם פּאָפּ באַצאָלן, ניט קיין אָביד (אָנבייסן) פאַראָוען...

מאַקאַר האָט אים געהערט און די גאַנצע צייט ברייט און הילכיק געלאַכט.

— וואָלסט זיך כאָטש אָנגעפּרעסן, — האָט ער אים געראָטן, — וואָלסטו כות געהאַט צו דרש'ענען.

— אַ, — האָט קוזמאַ פלינק אָפּגעענטפערט — איך רעד אפילו אין שלאָף...

— אָט סקאַזשעני! (משוגענער. אין דעם פאַל — געוואָגטער, פלינקער) — האָט אים מאַקאַר באַוואונדערט און ביידע האָבן אָנגע־הויבן פאַנטאַזירן וועגן אַ סאַראַקאַוואָטשע בראָנפן מיט אַ גוט הערינגל פאַרבייסן, דאַרטן ערגעץ, וואו מע קען עס קריגן און נאָכדעם קומען אַהיים און טרעפן אַ גרויסן־גרויסן, הייסן באָרשטש.

דערווייל איז שוין געוואָרן טאָג. די פויערים האָבן פאַררייכערט און מאַקאַר האָט זיך שוין געקליבן גיין זיין וועג, ווי קוזמאַ האָט אים אָפּגעשטעלט מיט אַן ערנסטער אומגעווייגלעך־סודות'דיקער מינע:

—— הער, דו רויטע באָרד, וואָס שמעקט מיט כריין, דו מוזט מיר דאָ אַוועקלייגן דעם גאַנצן ריינינקן אמת'ל.

מאַקאַר'ס קליינע, שאַרפע אויגן האָבן זיך פאַרשמעלט.

— וואָס פאַר אַן אמת דאַרפסטו דאָס ? — האָט ער געפרעגט.

— מאַך זיך נים געפּיגערט, — האָט קוזמאַ צוואָוואָנקענדיק געזאָגט — מען האָט אין דיין באַלעבאַטישקייט פאַרנומען גאָטס

מענטשן און אים פאַרשיקט ערגעץ צום טיזולס מאַמען... ציגן מעקען, לייט בעקען... דאָ זאָגט מען, אַז ער איז געווען אַ דעזערטיר, אַן אַנטלאָפענער פון טורמע, און דאָ שמועסט מען, אַז ער האָט געוואָלט גוטס פאַרן פּראָוואָסלאַוונעם פאָלק... דו, דו און נאָר דו, גאָלובטשיק, (טייבעלע) דאַרפסט וויסן דעם גאַנצן, נאַקעטינקן אמת׳ל...

מאַקאַר האָט שולדיק געקליפּעט מיט די אויגן. זיין רויטע באָרד האָט זיך צעפּלאַכעט. ער האָט אָנגעהויבן צו היקען און קוים אַרויס־גערעדט:

— גאָט וויים, וואָס עס האָט פּאַסירט... און ווער האָט עס דיר דערציילט אָט־די אַלע מעשׂיות?

— הע, גאָלובטשיק, דו ווייסט ניט, וואָס ביי דיר אונטער נאָז טוט זיך, ווילסטו וויסן, וואָס איבערן דאָרף קומט פאָר?... אָט — מע רעדט, ציגן מעקען, לייט בעקען... פּאַווליוק׳ן אַז מען פרעגט, — איז איין ענטפער: „דעזערטיר" דער פּריץ אַליין, זאָגט ער, האָט אים געזאָגט און דער פּריץ וועט קיין ליגן ניט זאָגן... זאַכאַרענקאָ אָבער זאָגט, אַז דער אוטשיטיעל האָט געוואָלט גוטס טאָן דעם פּראַ־וואָסלאַוונע פאָלק. און ווער האָט עס אים אַרויסגעגעבן? נו, און אַז אַ דעזערטיר, — איז ער אויך פון גן עדן ניט אַנטלאָפן. נעכיי וואָלט ער דאָ געווען. איך האָב אים עטלעכע מאָל באַגעגנט און אַלע מאָל האָט ער מיר דער ערשטער געזאָגט: „זדראַוסטוואַוטיע", אפילו קינדער האָט ער געאירצט און מיר פאַרגעלייגט אַ פּאַפּיראָס. איינמאָל האָט ער געעפנט די טאַבאַטשניצע, איז זי געווען פול, אָבער אַ פּאָר מאָל האָט ער מער ניט פאַרמאָגט ווי צוויי ציגאַרעטלעך, איז — איינעם זיך און דעם צווייטן מיר...

די גאַנצע צייט, וואָס קוזמאַ האָט גערעדט, איז מאַקאַר געשטאַנען אַ צעשמאָלצענער. זיין מויל האָט זיך אַלע מאָל געעפנט און פאַר־מאַכט, ווי ער וואָלט איטלעך וואָרט קוזמע׳ס געוואָלט נאָכזאָגן... ער האָט שוין מער ניט געקענט אויסהאַלטן און אונטערגעכאַפּט:

— טאָזש טאַק, האַרני פּאַניטש בואוו! (אמת, אַ וואוילער פּריץ געווען)

קוזמאַ האָט אַ ווײַלע געטראַכט און געזאָגט נאָכדענקענדיק:

— אַזוי איז מיט אונדז, נאַרישע מוזשיקעס: אַליין קיין שכל האָבן מיר ניט, מוזן מיר זיך צוהערן צו כל׳ערליי קאַזאַלאַסן מיט מייסעס... זאַכאַרענקאָ וויל, מען זאָל אים גלייבן און פּאַווליוק וויל, מען זאָל זיך פאַרלאָזן אויף אים... גיי, פאַרלאָז זיך אויף זאַכאַרענקאָ׳ן,

אַז ער זאָגט, אַ פּראַוואָסלאַוונע און אַ זשיד זענען גלייך... טפו!
— האָט קוזאַ אויגעשפּיגן — ווייסט זיי אַלע די כאָליערע!...

ער האָט צוריק אָנגענומען זיין שפּאַסיקן טאָן און אָפּגעשיקט מאַ־קאָרן „צוריק צו זיין ווייב״, דערביי האָט ער מיט אַלע פישטשעווקעס אויסגעמאָלן קושטשעס שטוב, אַז יענער זאָל נאָך, גאָט באַהיט, ניט פאַרבלאָנדזשעט ווערן נאָך „אַזאַ נאַכט״.

ווידער האָבןביידע געלאַכט. קוזמאַ איז אַוועק אין שטוב אַריין און מאַקאַר איז געגאַנגען צו אַרונ׳ען.

אויפן וועג האָט ער באַגעגנט נאָך אייניקע פויערים. ער האָט זיך מיט זיי, ווי געוויינלעך געגריסט, נאָר קיין שמועסן ניט פאַרפירט, אפילו ווען יענער האָט אָנגעהויבן רעדן: ער האָט מורא געהאַט, נאָך עמיצער זאָל אים ניט פרעגן, פאַרוואָס מען האָט אַרעסטירט און פאַרשיקט ראַבינאָוויטש׳ן, — און ער וועט ווידער ניט וויסן, וואָס צו ענטפערן...

אַזוי, שפּאַנענדיק אויפן האַרטן, איינגעטראָטענעם שניי, איז אים איינגעפאַלן, אַז ער קאָן איצט דערגרייכן צוויי זאַכן מיט איין גאַנג: אי קריגן אַ פּאָר גראָשן אויף ברויט, און טאַקע אַ פרעג טאָן פּאַני אַרונ׳ען... אַרון איז אַ קלוגער ייד, און ער מוז אוודאי וויסן וואָס און ווען און ווי אַזוי...

מאַקאַר האָט זיך באמת דערפרייט. ערשטנס, האָט ער אַליין געוואָלט דערגיין דעם סוד וועגן ראַבינאָוויטשעס אַרעסט און צווייטנס, האָט ער געוואָלט האָבן אַ גרייטן ענטפער פאַר אַלע טשיקאַווע לייט. וועט דער ענטפער געפעלן, וועט מאַקאַר זיין אַ מענטש, אלא ניט, וועט ער זאָגן: „אַ יאַ כיבאַ שטשאַ? מעני אַרען קאַזאַו...״ (און איך, הייסט עס, וואָס?... מיר האָט אַרון געזאָגט)

---

ווען ער איז צוגעקומען צו אַרונס שטוב, האָט ער שוין געטראָפן די טיר ניט פאַרשלאָסן. ער האָט זי אָן עפן אויף געטאָן, געבליבן שטיין ביים שוועל און אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל פונעם קאָפּ. ער האָט זיך געפונען אין אַ נידעריקער, ברייטער קיך. ביים אויוון איז געשטאַנען די אַרונעכע, אַ דיקע יידענע מיט קליינע אויגן, (וואָס קוקן אויף אייך לאַנג, ביז זיי דערזען אייך) און אַ ווייס, גלאַט פנים. זי האָט עפּעס געקאָכט אין פלאַמענדיקן אויוון. צוויי פענדלעך זענען דאָרט געשטאַ־נען און געשמעקט מיט זודיקער מילך און מיט נאָך עפּעס... מאַקאַר

האָט זיך דאַרשטיק באַלעקט און געזאָגט אַזוי נידעריק און אַזוי העפלעך ווי מעגלעך:

—דאַברע אוטראָ, פּאַני! (אַ גוט מאָרגן, פּריצה)

די אַרונעכע האָט שטרענג באַטראַכט מאַקאַרן און געענטפערט:

— דיי באָזשע זדאַראָוויאָטשקאָ. (גיב הייסט עס, גאָט, געזונט) וואָס ווּעסטו עפּעס, טשאַלאָוויטשע, זאָגן?

— איך... איך — האָט דער גרויסער, רויטבערדיקער פּויער זיך פאַרלוירן — איך האָב געוואָלט זען פּאַני אַרונען.

— שוין? — האָט זי געפרעגט.

— שוין, — האָט ער נאָכגעזאָגט.

זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם ראַהאַטש, וואָס זי האָט מיט ביידע הענט צוגעהאַלטן, זי איז צו צו אַ טיר פון אַ צווייטן חדר און מיט אַ דינן שוואַך קול, וואָס קומט ניט פון שוואַכקייט, — נאָר פון ניט פאַרגינען זיך רעדן הויך — אַ רוף געטאָן איין מאָל און אַ צווייטן מאָל:

— אַרון, פּאַני אַרון! — זי האָט זיך אַ ווילע איינגעהערט, דערנאָך זיך אומגעדרייט צו מאַקאַרן און געזאָגט: — דו הערסט? ער גייט שוין.

עס האָבן זיך דערהערט דריבנע טריט און ר׳ אַרון איז אַריין, אויסגעצירט אין טלית און תפילין, דער טלית — אַ ברייטער און אַ גרויסער מיט גראָבע ציצית און די צוויי שוואַרצע בתים, איינע אויפן שטערן און די אַנדערע אויפן לינקן אָרעם, ענג איינגעוויקלט מיט אַ שוואַרצן רימען ביז אַראָפּ צו די פינגער און אפילו די פינגער איינגעפלאָכטן... מאַקאַר איז אַזש צעמישט געוואָרן.

אַרון איז געגאַנגען אויף אים... עס איז שוין ביי אים געווען נאָך דער שמונה־עשרה און נאָך תחנון, ווייל ער האָט אויפן גוי׳ס באַגריסונג באַלד געענטפערט אויף פּשוט׳ן גוי׳איש און אפילו גע־פרעגט, וואָס מאַקאַר וויל פון אים.

— פּאַני אַרון! — האָט מאַקאַר אויסגערופן — מיר שטאַרבן פון הונגער! העלפט, פּאַני, מיר האָבן שוין אפילו אויף ברויט ניט!

— שאַ נאָר, שאַ נאָר...—האָט אַרון זיך טיף פאַרטראַכט, ער האָט אַזש צוגעמאַכט די אויגן. — מיר דאַכט זיך, אַז דיין ווייב איז ביי מיר געווען און איך האָב איר שוין געליען אויף אַ געבעקל ברויט.

— געווען, — האָט מאַקאַר מיט הארץ זיך מודה געווען — געווען, ביי גאָט, געווען, אָבער פּאַני אַרון, סע קלעקט ניט! אַנטלייט אונדז! ס׳עט קומען זומער, מיר׳ן איך אָפּטאָנצן.

אַרון האָט באַטראַכט דעם פּויער און באַמערקט:

דו ווייסט אַפילו ניט וואָס מאָרגן וועט זיין, — רעדסטו שוין פון זומער...

— כיבאָ אומרו! (סיידן איכ׳ל שטאַרבן) האָט מאַקאַר מיט האַרץ געזאָגט — אַלע יאָק בודו זשיטי, — טאַ ווידראַבליו, יעי באָהו, ווידראַבליו, זאַבאַטשיטע, פּאַני אורען!... (אָבער אויב איכ׳ל לעבן, וועל איך אַפּאַרבעטן, ביי גאָט, אַפּאַרבעטן, אָט וועט איר זען, פּאַני אַרון.)

— נו נו — האָט אַרון גרויסמוטיג אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — איך ווייס אויך ניט, וואָס סע וועט זיין מאָרגן, ווער שמועסט נאָך ביז זומער, — פונדעסטוועגן גיב איך...

מאַקאַרס פּנים האָט זיך מיט איין מאָל פאַרוואַנדלט. זיין ברייט מויל האָט זיך אין אַנטציקונג צעעפנט און פאַרמאַכט, ווי ביי אַ פריטשמעליעטן פיש. ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן און קיין כוח און קיין שכל ניט געהאַט עס אַרויסברענגען, נאָר איין זאַך האָט ער איצט געפילט, אַז דער ייד אַרון איז אַ גוטער און אַ וואוילער און אַ ערלעכער. פון גרויס פריידַ האָט ער אַנגעהויבן צוריק צו געווינען זיין מוט און זיך שוין געגרייט צו פרעגן דעם יידן אַן האַרבע שאלה...

אַרון האָט דעם פּויער באַטראַכט מיט אַ גוטן שמייכל, וואָס קומט פונעם גרויסן פאַרגעניגן, ווען מען דערפילט, אַז מען טוט יענעם גוטס — און געזאָגט:

— דו וואַרט דאָ צו, און איכ׳ל באַלד אַרויסקומען.

אַרון איז צוריק אַוועק אין זיין זייטיקן חדר און מאַקאַר איז געבליבן וואַרטן.

אין אויוון האָט נאָך אַלץ געברענט. די אַרונעכע איז געשטאַנען צו אים מיט דער וויכער פּלייצע. זי האָט מיטן ראַהאַטש אַרויסגע־רוקט אַן איינגעבריט פענדל מילך און דאָס צווייטע פענדל האָט זיך נאָך דאָרט, ביים פייער, געקאָכט און, זידנדיק, געבולקעט אויף דער גאַנצער שטוב. ערגעץ האָט געטיקעט אַ זייגער, אָבער מאַקאַר האָט אים ניט געזען. ער האָט אַנגעשטעלט די אויגן אויףביידע פענדלעך אין אויוון און זיך געהאַלטן אין איין באַלעקן, ביז ער האָט דערהערט אַרונס טריט. אַרון איז אַריינגעקומען שוין אָן דעם טלית און תפילין, מיט אַ בוך אין איין האַנט און מיט אַ טינט־און־פּען — אין דער אַנדע־רער. ער איז צוגעקומען צום טאַפּטשאַן (קיך־טיש) אַ קוק געטאָן, צי ער איז ניט נאַס און, אויסקלייבנדיק אַ טרוקן שטיקל אָרט, האָט ער פאַרזיכטיק אַוועקגעלייגט די שרייב־מכשירים.

נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן צו מישן די בלעטלעך אין בוך אַזוי לאַנג, ביז מאַקאַרן איז הייס געוואָרן. ער האָט צעגאַרטלט דעם שטריק, צעשפּיליעט די סוויטע און אַפילו דעם קאָלנער פונעם פעלץ אָפּגעשפּיליעט...

מיטאַמאָל האָט אַרון אויסגערופן:

— אָ! — קום הער, — האָט ער גערופן מאַקאַרן און אים געוויזן אויף אַ געדיכט־באַשריבן בלעטל אין בוך — דאָ שטייט פאַרשריבן „מאַרטאַכאַ קושטאַוואַ — 60 קאָפּיקעס" און דו ווילסט?...

— וויפל איר פאַרשטייט, פּאַני.

— אָבער, אָבער — אַרון האָט זיך אַ ווײַלע פאַרהיקעט — אָבער דאָ שטייט אויך פאַרשריבן, אַז איר דאַרפט מיר זומער אָפּאַרבעטן אויפן גאָרטן.

מאַקאַר האָט זיך אַ זעץ געטאָן מיטן פויסט אין האַרצן אַריין...

— נו, אוזש כרעסט סוויאַטעי, ווידראַבליו! (ביים הייליקן צלם — אָפּאַרבעטן!)

— שרייב זשע אונטער — האָט אַרון געזאָגט.

—אונטערשרייבן?...— מאַקאַר האָט זיך דערשראָקן; ער האָט זיך נאָך אויף זײַן לעבן ניט גע׳חתמ׳עט. — איך קאָן ניט — האָט ער זיך מודה געווען.

— איך ווייס — האָט אים אַרון געמוטיקט — נו, מאַך אַ שטעקעלע.

מאַקאַר האָט אַרײַנגענומען דאָס הענטל־פּען אין זײַן גרויסער, וואַרעמער האַנט. זי האָט אָנגעהויבן צו ציטערן, האָט ער דאָס הענטל אָנגעכאַפּט נאָך שטאַרקער און אַרון האָט זיך צוגעבויגן צום בוך און מיט אַ פינגער געוויזן: „דאָ־דאָ".

— אַ יאַק טאָ פּאַליטשקו נאַמאַליאַוואַטי? (ווי מאָלט מען אויס אַ שטעקעלע?)

— אָט אַזוי — האָט אַרון געזאָגט און מיטן נאָגל פונעם גראָבן פינגער געטאָן אַ קרעל אָן אַ שטרײַכעלע — טו אַ פיר איבער דעם מיט דער פּען, און דאָס וועט זײַן גענוג.

מאַקאַר האָט זיך שאַרף אײַנגעקוקט אינעם אָנגעקרעלטן, שטײַענדיקן פּאַסיקל און אַ שמיר געטאָן מיט דער פּען איבער דעם.

— פּערוווי סאָרט! — האָט אַרון געזאָגט, צוגענומען די פּען בײַ מאַקאַרן און אים אויסגעציילט מזומנע זעכציק קאָפּיקעס.

מאַקאַר האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם, ביז ער האָט דאָס געלט אַרײַנגעלייגט אין זײַן טיף־טיפער הויזן־קעשענע. פון אָנשטרענגונג

האָט ער געקליפּעט מיט די קליינע, דאַרשטיקע אויגן. ער האָט געקוקט אויף אַרונען, ווי ער וואָלט אים געוואָלט דערקענען.

— ספּאַסיבי! — האָט ער קוים אַרויסגערעדט, זומער, זומער, זומער — האָט ער געשטאַמלט — זומער אָפּאַרבעטן, אָפּטאַנצן...— ער האָט זיך באַלעקט: דער כריין האָט אין אים געטליעט, דער איבערבייסן האָט אים גע׳שרפה׳ט. עס האָט זיך אים דערמאָנט דער לאַכנדיקער נייגעריקער קוזמאַ... — אַ טעפּער אַ טעפּער (און אַצינד) האָט ער אַנגעהויבן צו שטאַמלען. (אַרון האָט אים משונה אַנגעקוקט) און איצט, פּאַני אורען, ווייל איך אייך עפּעס פרעגן. איר זענט אַ ייד, אַ קלוגער און איר קערט אוודאי וויסן דעם גאַנצינקן רייניקן אמת׳ל...

אַרון האָט געשטוינט מער און מער...

—...איך מיין... איך מיין — האָט מאַקאַר געשטאַמלט — פאַ־פאַרוואָס האָט מען גענומען און מען האָט אין מיטן דרינען געכאַפּט אַ מענטשן און פאַרשיקט?...

אַרון איז בלייך געוואָרן. ער האָט אָפּגעטראָטן פון מאַקאַרן און בייז און צעשראָקן געפרעגט:

— וואָס באַלעבעטעשעסטו דאָרטן, וואָס?!

— אַ, — האָט מאַקאַר אויסגערופן — איר ווייסט וועגן אייער יידישן אוטשיטיעל וואָס האָט ביי מיר קוואַרטירע געהאַלטן...

קוקנדיק אויף אַרונען, האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט דאָס לשון פאַרלוירן. זיין גרויס, לענגעכדיק פּנים האָט זיך אויסגעצויגן.

— מאַקאַר! — האָט ער מיט זיין דונערדיקער שטימע אַ געשריי געטאָן — זאָלסט מיר וועגן יענעם אויסוואורף ניט דער־מאָנען און ניט פרעגן מער! איך ווייס גאָרניט!... גאָרניט!!! — האָט אַרון שוין אויסער זיך געשריגן. ער האָט זיך האַסטיק אומגע־דרייט מיט דער פּלייצע צו מאַקאַרן און שטורעמדיק אַוועק אין זיין חדר.

מאַקאַר איז געשטאַנען און זיך פונעם אָרט ניט געקאָנט רירן. ער האָט פאַרצווייפלט געווענדט זיין בליק צו אַרונס ווייב און געזען, ווי זי באַטראַכט אים. טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. די יידענע האָט מיט באַדויערן צוגעשאָקלט איר קאָפּ.

— נו, נאַשטשאַ טאָבי בולאַ יאָהאַ פּיטאָטי? (נאָך וואָס, הייסט עס, האָסטו אים באַדאַרפט פרעגן?) — האָט זי דעם דערשלאָגענעם פויער גע׳מוסר׳ט.

—איך האָב גאָרניט געמיינט — האָט זיך מאַקאַר פאַרטיידיקט,

— אָבער די זאַך איז אַזוי: ראַבינאָוויטש האָט ביי מיר געוואוינט.

נו, ווילן לייט ביי מיר דערגיין דעם אמת. און איך — וואָס ?... וואָס וויים איך און וואָס זאָל איך זיי זאָגן ? לאָכן זיי פון מיר, מאַכן חוזק... איר קאָנט אונדזערע מענטשן... האָב איך געוואָלט וויסן... ווער וויים נאָך אַזוי גוט ווי אַ ייד ?

— איי, מאַקאַר, מאַקאַר!... — האָט די יידענע אים באַדויערט — וואָס איז אָרון, אַ נביא, האַ ? רעדסט, טשאַלאָוויטשע, אַבי גערעדט... קיינער וויים ניט, וואָס דער קיסר טוט. ער הייסט, אַרעס־טירט מען; ער הייסט, לאָזט מען פריי: מיר זיינען ביי אים אין די הענט. מסתמא ווייסט ער וואָס ער טוט. ס'איז אַלץ דער קיסר...

— אָט טאָ טאָק, יעי באָהו טאָק! — האָט זיך מאַקאַר דערפרייט מיטן נייעם תירוץ — דער קיסר, הייסט עס, האָט אַזוי געוואָלט — און פאַרטיק!...

אַ צופרידענער, אַ באַרואיקטער, האָט זיך מאַקאַר נידעריק פאַר־נייגט פאַר דער גוטער, קלוגער יידענע, זיך געזעגנט און גלייך אַוועק צו מעכטאָד זאַבאַרסקי, דעם קינדערלאָזן בעל־גוף קויפן אַ ביסל תבואה און עס אַליין צעמאָלן, — וועט דערפון אַרויסקומען אַ גרעסער געבעקל ברויט, ווי ווען מען מאָלט די קערנער אויף יענעמס מיל...

# קאַפּיטל דרייסיק

פּערצן ברויטן מיט דריי פּידפּאַלקעס האָט די קושטשיכע אויס־געבאַקן פונעם ביסל מעל, וואָס מאַקאַר האָט איינגעהאַנדלט. אויס־שטעלן די ברויטן אויפן געפּעס־שראַנק, וואָלטן זיי פאַרשיינט די גאַנצע שטוב. די קושטשיכע האָט זיך עס אָבער ניט פאַרגונען צו טאָן; ערשטנס, האָט מען מיט אַזאַ „געזינדל" געקאָנט אויפרייסן ליטישע אויגן און צווייטנס איז פּשוט געווען אַ געפאַר, אַז די חברה, די אייגענע קינדער זאָלן די געשמאַקע ברויטן ניט פאַרצערן מיט איין מאָל. האָט קושטשיכע די ברויטן באַהאַלטן אינעם גרויסן, געקאָ־וועטן קאָסטן, וואָס אונטערן בעט. דעם קאָסטן האָט מאַרטאָכע פאַר־שלאָסן און — די קינדער, — אפילו דעם מאַן, אַרויסגעטיילט צו שטיקלעך ברויט.

דאָס דאָזיקע ברויט האָט געהאַט אין זיך אַ כישוף׳דיקן טעם. עס איז זיך צעגאַנגען אין מויל, ווי אַ שטיקעלע צוקער. וואָס עלטער מיט אַ טאָג דאָס ברויט איז געוואָרן, זיסער איז געווען דער טעם. די חברה האָט זיך געפרייט דערמיט. שולדיק האָט זיך בלויז געפילט האַרפּינקע, די זעכצניאָריקע עלטסטע טאָכטער, וואָס זי עסט דעם טאַטנס ברויט. און ניט גענוג זי אַליין האָט זיך דעם ביסן ניט פאַר־גונען, האָבן זי נאָך די עלטערן געיאָדעט. די מוטער האָט זי געשאָלטן און דער פאָטער האָט זיך אויף איר פאַרמאָסטן מיט די פויסטן, זי געטריבן פונעם שטוב, זי זאָל זיך ערגעץ גיין געפינען אַרבעט.

וואוהין האָט זי געזאָלט גיין? ווינטער איז ביים פּריץ ניט געווען וואָס צו טאָן און אַז ניט ביים פּריץ, איז ניט געווען וואו צו פאַרדינען. סיידן גיין צוועלף ווערסט צופוס צום וואָקזאַל, וואו סע וואוינען רייכע יידן און זיך איינבעטן ביי איינעם פון זיי פאַר אַ דינסט. האָט זי מורא פאַר דער פרעמד און האָט ניט קיין שטיוול. זי האָט זומער אויף די בוריקעס פאַרדינט אויף אַ פּאָר שטיוול, האָט זיי די מוטער ביי איר צוגענומען און וויל זיי איר ניט אָפּגעבן.

האַרפּינקע איז זייער אַ שטילע. זי האָט אַ קליין, בלאַס פּנים מיט ליכטיק־בלאָע אויגן, וואָס קוקן צעשראָקן. ווען די מוטער הייבט זי אָן צו יאָדן, נעמט זיך האַרפּינקע אָן מיט מוט און זאָגט:

— גיט מיר, מאַמע, אָפּ מיינע שטיוול, וועל איך מיר גיין זוכן אַרבעט.

דאָס איז געווען האַרפּינקעס בעסטער ענטפער אויף דער מאַמעס בייזע רייד: איצט אָבער, ווען אַ ריפּטל ברויט איז געוואָרן אַ קרן, האָט די מוטער אויף דער טאָכטערס מאמר גאָרניט געענטפערט, נאָר אַזוי ווי זי איז געשטאַנען אַנגעטאָן, האָט זי זיך געטאָן אַ זעץ אַרונטער אויף דער באַנק, אויסגעטאָן די שטיוול און זיי אַ וואָרף געטאָן האַפּינקען צו די פיס.

האַרפּינקעס ליכטיק־בלאָע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט. זי איז געשטאַנען און געקוקט אויף אירע שטיוול, וועלכע זי האָט אַ גאַנצן ווינטער, אַ חוץ אין די זונטיקדיקע נאָכמיטאָגס, ניט געטראָגן און — ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן. די מוטער האָט דערווייל ערגעץ אויסגעזוכט אָן אַלטן פּוישט און אַ פאַרטריקנטן צעדרייטן מאַנסבילשן שטיוול און זיך גלייך באַקליידט אין זיי. אויף דער טאָכטער האָט זי אָנגעשריגן:

— טי טשאַהאָ זירקייעש? (וואָס גלאָנצטו מיט די אויגן?) טו זיך אָן און גיי, גיי וואוהין די אויגן וועלן דיר טראָגן!... גענוג, גענוג! ניטאָ וואו!...

האַרפּינקע האָט זיך אָנגעטאָן אירע שטיוול, דעם אַלטן פּעלץ, וואָס איז נאָך פון דער באָבען פאַרבליבן, זיך אַרומגעוויקלט מיט אַ שאַל, וואָס האָט אויסגעזען, ווי איין גרויסע שטיק צעפליקטע שמאַטע, גענומען אַ שטיק ברויט „זאַ פּאַזוכו" און זיך געלאָזט צו דער טיר. צוקומענדיק צו דער טיר, האָט זיך האַרפּינקע אומגעדרייט מיטן פּנים צו דער שטוב, צו די הייליקע בילדער, זיך טיף פאַרנייגט און זיך איבערגע'צלמ'ט עטלעכע מאָל. — און געזאָגט צו די קינדער, וואָס זיינען אין שטוב געווען און צו דער מוטער — צו אַלע אינאיינעם — און צו קיינעם ניט — מיט אַ שטיל, ציטערדיק, צעשראָקן קול:

— בואווייטע זדאָראָווענקי (פאַרבלייבט געזונטינקע).

די קינדער האָבן זי משונה באַטראַכט און די מוטער האָט קוים געענטפערט:

— אידי זדאָראָווּאַ, האָספּאָדי פּאָמאָזשי (גיי געזונט, העלף גאָט.)

אַזוי האָט די מאַמע געזאָגט, קוקנדיק ערגעץ צו דער וואַנט און זי האָט געהערט, ווי די שווער־אָנגעבעטע, געפּרוּווירענע טיר האָט אַ סקריפּ געטאָן. זי האָט אומגעדרייט דאָס פּנים צו דער טיר, אָבער האַרפּינקע איז שוין געווען פון יענער זייט.

אין דרויסן איז געווען אַזאַ פראָסט, אַז ער האָט פאַרקאָוועט די פענצטער ביז אַרויף. די קינדער זיינען געזעסן אַנטשוויגענע און מען האָט אָהער געהערט, ווי האַרפּינקעס שטיוול סקריפּען אויפן שניי. די קליינוואַרג איז באַפאַלן די פענצטער. זיי האָבן געוואָלט זען, ווי האַרפּינקע גייט אַוועק, אָבער די פענצטער, פאַרשמידטע אין געבלומטן דיקן אייז האָבן, ווי די קאַלטע ווענט אַרום פאַרשטעלט די גרויסע שוועסטער.

די קושטשיכע האָט זיך אָנגעהויבן האַסטיק צו צלמ'ען. אין די ווינקלען פון אירע אויגן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט צוויי קליינע טרערן. די שפּיץ נאָז איז איר רויט געוואָרן. זי האָט זיך אָן אויפהער געצלמט און מיט אָן אַדערדיקן פויסט זיך געשלאָגן איבער דער גרויסער פלאַכער ברוסט.

זי איז לאַנג געשטאַנען, ביז זי האָט שוין די פּיס אונטער זיך ניט געפילט. ערשט ווען זי האָט דערהערט דעם מאַנס טריט, האָט זי איבערגעריסן איר תפילה און זיך גענומען איינהייצן אין אויוון.

---

און האַרפּינקע איז דערווייל געגאַנגען אין פעלד. אַרום איר איז געווען אַ ווייסע, טויבע, פאַרשנייטע וועלט. די וועלט איז געווען אַזוי גרויס, אַזוי גרויס!... און זי, האַרפּינקע, איינע אַליין, — גאָט זאָל זי אָפּהיטן און אויף איר קיין שלעכטס ניט אָנשיקן!

דער שליטוועג איז געווען גוט איינגעפאָרן און געגלאַנצט אַקעגן דער שאַרפער זון. האַרפּינקע איז אויף דעם וועג אפשר צוויי מאָל געווען, זינט זי לעבט און די מענטשן, צו ווען זי גייט, האָט זי קיינמאָל פון דער נאָענט ניט געזען. זי האָט זיך געשראָקן, זיך געוואָלט אומקערן. זי האָט זיך שוין אפילו אָפּגעשטעלט און זיך אומגעקוקט צוריק, אָבער אַנטשלאָסן אַוועק איר פרעמדן וועג.

זי האָט, אַ מידע, גע'חלומ'ט, ווי זי אַרבעט אין אַ וואַרעמער קיך און עסט צו זאַט. זי גייט אַהיים ציגאָסט און ברענגט מיט זיך אַ גרויסן, ווייסן קוילעטש, אַזאַ וואָס מען טאָר פרייטיק ניט עסן, מחמת ער איז באַשמירט פון אויבן מיט אַן איי. דער פאַרביקער קאָליר פונעם איי גיט צו דעם שיינעם, ווייסן פּנים פון דער חלה אַזאַ גרויסאַרטיקע

פריצ׳ישקיים!... אַזאַ חלה האָט האַרפּינקע געזען ביים רייכן אַרונען און אפילו ביים אָרעמען יונה׳ן.

דער וועג צום וואָקזאַל איז געווען ווייט און טראַכטן איז געווען פון וואָס, — האָט זי זיך דערמאָנט, אַז צו איר חבר׳טע נאַסטיאַ „גייט״ שוין אַ פּאַרובאָק און אין האַרבסט וועלן זיי חתונה האָבן. נאַסטיאַ איז קיינמאָל אַזוי שיין, ווי האַרפּינקע ניט געווען, אָבער נאַסטיעס פאָטער האָט צוועלף מערגעס פעלד און נאַסטיאַ האָט אינגאַנצן איין שוועסטער מיט איין ברודער... האַרפּינקע שמייכלט צו זיך אַליין... דער אייגענער מאַקאַרטשוק, וואָס שדכנ׳ט זיך איצט צו נאַסטיאַן, וואָלט געקאָנט זיין אירער: ער האָט עס איר אַליין געזאָגט... „נאָר וואָס, זאָגט ער, קאָן איך טאָן, אַז דו ביסט אַן אָנפעלדיקע?...״ מאַקאַרטשוק איז גערעכט. איצטער גייט זי דינען, פאַרדינען און שפּאָרן געלט. וועט זי אָנקלייבן אויף העמדער און קליידלעך און אַ גוטן פּעלץ און זי וועט נעמען נאָך אַ שענערן און אַ בעסערן פּאַרובאָק ווי מאַקאַרטשוק. זאָל זי נאָר אָפּווישן די אָרעמקייט פון איר פּנים, וועלן זיך אַלע כלאָפּציעס אויף איר פאַרקוקן...

דער פראָסט האָט איר געקנייפּט די נאָז און זי האָט זיך איינגע־וויקלט מיט דער שאַל אַזוי, אַז איצט איז איר גאַנץ פּנים געווען פאַר־שטעלט און נאָר די גרויסע, פאַרחידושטע בלאָע אויגן מיט די לאַנגע, אָנגעפרוירענע וויעס אַרום זיי—האָבן אָנגעשטרענגט געקוקט אַרום זיך און פאַר זיך, טאָמער וועט זי שוין אַמאָל דערזען דעם רונדן קליינעם טורעם, וואָס אויף דער הויכער געביידע פונעם וואָקזאַל. אָבער דאָס פעלד איז נאָך אַלץ געווען טויב און פלאַך, און שטיל.

פון אַ זייט האָט זי שפּעטער דערזען אַ שוואַרצן, דינעם שטיק קוימען. זי איז געגאַנגען, געקוקט אויפן קוימען און באַמערקט, ווי ער וויגט זיך אַראָפּ און אַרויף. עס איז אויסגעקומען, ווי דער ווייטער קוימען וואָלט איר דאַרט, ביי דער זייט, נאָכגעגאַנגען און זיך איר נאָכגעקרומט.

ווי לאַנג, ווי לאַנג וועט אָט דאָס נאָכקרומעניש געדויערן?

וואָס ווייטער האָט דער קוימען אָנגעהויבן אָפּצושטיין, ביז ער האָט נאָך איין מאָל אַ שטעק אַרויס געטאָן זיין שוואַרצן האַלדז און — זיך באַהאַלטן.

האַרפּינקע איז איצט געווען אין אַ יאַר. (טאָל) זי איז אַריבער אַ פאַרפרוירענע ריטשקע און זיך געלאָזט גיין באַרג־אַרויף. זי האָט זיך אומגעקוקט און ווידער דערזען יענעם קאָמישן קוימען, אָבער דערפאַר האָט זי שוין אויך ווייט, פאַר זיך באַמערקט דעם געגאַרטן

טורעם אויף דער הויכער וואָקזאַל־געביידע. עס האָט זיך איר אפילו געדאַכט, אַז זי הערט דאָס פייפן פון אַ צוג. ווייט פונעם טורעם האָט זי דערזען אַ לאַנגן וואָלקן אויסגעצויגענעם רויך ביי דער ערד. דער רויך האָט זיך באַוועגט ווי אַ פויזנדיקע כמאַרע, וואָס איז געקומען נענטער און נענטער צום וואָקזאַל.

האַרפּינקע האָט דערהערט ווייטע, אָפּגעהאַקטע שטימען. זי האָט זיך אומגעקוקט. באַרג אַרויף, דעם זעלבן באַרג, וואָס זי איז ערשט אַרויפגעגאַנגען, האָט זיך געצויגן אַ וואָלקע (אַ לאַנגע ריי) מיט פורלעך. ערשט האָט זי דערפילט, ווי די פיס טוען איר וויי. זי האָט שווער אָפּגעאָטעמט און מיד געשפאַנט ווייטער. דער פויזנדיקער רויך אין דער ווייט, ביים וואָקזאַל, האָט זיך שוין מער ניט געזען און דער טורעם דאָרט, איז געוואַקסן און זיך צעוואַקסן.

מיטאַמאָל האָט זי דערהערט אַ הוכקען הינטער אירע פּלייצעס. זי האָט זיך ניט אומגעקוקט. דאָס הוכקען האָט זיך פאַרשטאַרקט. געוואָרן נענטער און נענטער. די ווילדע מענעורשע שטימען זענען איר געווען פרעמד. זי האָט זיך געשראָקן. זי האָט פאַרשנעלערט איר גאַנג, אָבער דאָ האָט זי דערפילט, ווי אַ ווינט וואָלט אַנגעלאָפן הינטן אַרום און זי האָט דערהערט דאָס לויפן פון פערד. זי האָט גיך אָפּגעטראָטן דעם וועג. די פערד זענען דורכגעלאָפן פאַרביי איר און זי שיעור ניט פאַרטשעפּעט. עמיצער איז מיט אַ לוסטיקן פאַרובאַקישן קוויטש אַראָפּגעשפּרונגען פונם שליטן און צוגעלאָפן צו האַרפּינקען. באַלד זענען נאָך עטלעכע אָנגעלאָפן. האַרפּינקע האָט אויף אַלעמען אָנגעשטעלט אירע בלאָע, צעשראָקענע אויגן און געפרעגט:

— טשאַהאָ ווי כאָטשעטע? (וואָס ווילט איר?)

אַ ווילדער געלעכטער פון אַ סך אָנגעפּרוירענע, ווייסצייניקע מיילער האָט פאַרהילכט די פּראָסטיקע לופט אַרום. די פנים'ער זענען ביי זיי געווען בלוילעך־רויט ווי אָנגעשוואָלן. זיי האָבן געלאַכט העכער און העכער ווי זיי וואָלטן זיך פאַרהערט, ווער עס קאָן בעסער. איינער אַ מיעסער, מיט שרעקלעך־גרויסע ציין האָט געזאָגט:

— אָט, האָספּאָדי. שטשאָב יאַ טאַק זדיבאָוו איהי אידנו! (אָט, גאָט, ווען איך וואָלט זי איינע אַליין באַגעגנט!

די פערד זענען דערווייל ניט געשטאַנען און די שקצים האָבן אָנגעהויבן נאָכלויפן יעדערער זיין פורל און יעדער פון זיי האָט געוואָלט האַרפּינקען צו זיך אויפן שליטן. אויסגעפירט האָט איינער אַ ריז מיט קליינע, שאַרפע אויגן און אַ דראָענדיק־פאַרריסענע נאָז.

ער האָט אָפּגעשטעלט זיין פור, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן מיט זעק צוקער, געכאַפּט די שטשופּעלע(קליינע און מאָגערע) האַרפּינקע און מיט איין האַנט זי, ווי אַ קלומעקל, אַרויפגעוואָרפן אויפן שליטן. ער איז אַרויפגעשפּרונגען צו איר, זי אַרומגעכאַפּט און צוגעפּאַלן מיט זיין הייס מויל צו איר קאַלטער באַק. זי האָט אים געפּרואווט אָפּ־שטופּן פון זיך. אָבער ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין איר ווי אַ וואַנט. פון אַלע פורלעך האָט זיך געטראָגן אַ הוכקען מיט אַ פייפן. די שקצים האָבן, ווילד־געוואָרענע, געשמיסן די פערד איבער די קני פון די הינטערשטע פיס. די אָנגעשראָקענע פערד האָבן מיט די שווער־באַלאָדענע שליטנס זיך געלאָזט לויפן.

— זוויטקיליאַ אי טשיאַ בודע? (פונוואַנען און ווער וועט זי זיין?) — האָט מען פון די פורן האַרפּינקען נאָכגעשריגן. דער גרויסער שייגעץ, אויף וועמעס פור זי איז געזעסן, האָט פאַר דער מיידל געענטפערט: „אָטשערעטיאַנסקאַ" דערביי האָט ער געטאָן אַזאַ געשריי, אַז האַרפּינקע האָט פון שרעק אַ קוויטשע געטאָן. איר קוויטש האָבן אַלע פּאַרובקעס אונטערגעכאַפּט מיט אַ לאַנג־דויערנ־דיקן הוכקען. האַרפּינקעס קאַוואַליער האָט בייז און ווילד אַ דריי געטאָן מיטן גרויסן שטאַרקן קאָפּ און אַ זעץ אַרויס געטאָן:

איכאַוו קאַזאַק נאַ דוניי (איז געפאָרן אַ קאָזאַק צום דוניי) האָבן אַלע אונטערגעכאַפּט:

סקאַזאַוו: „דיווטשינאַ, פּראַשטשיי" (געזאָגט: זיי געזונט, מיידל)

איכאַוו קאַזאַק דאַ דאַ דאַנו (געפאָרן אַ קאָזאַק אויפן דאָן)

סקאַזאַוו: „דיווטשינאַ אומרו" (געזאָגט: מיידל איכ'ל שטאַרבן)

דאָס געזאַנג אַז געווען אַזוי הויך און אַזוי ברייט און אַזוי הייס, אַז מען האָט געקאָנט שיכור ווערן דערפון. און דאָס אַלץ איז געזונגען געוואָרן פון אירטוועגן, וועגן דער, וואָס איז פריער מיט אַ פאַר שעה געשאָלטן געוואָרן פאַרן ביסן ברויט און וואָס האָט זעלטן פון עמיצן אַ גוט וואָרט געהערט.

אירע שטילע אויגן האָבן איצט געקוקט שטאָלץ אַרום זיך. זי האָט צו אַלעמען אומגעדרייט איר פּנים, אפילו די נאָז פאַר פרייד אָפּגעוויקלט און, אַ פאַרענדערטע, אַ שיינענדיקע, ליכטיק געשמייכלט.

# קאַפּיטל איין און דרייסיק

מער ווי איינמאָל האָט אונדזער האַרפּינקע געמוזט גיין צום וואָקזאַל, ביז זי האָט אָנגעפּרעגט אַ שטעלע פאַר זיך. — אָבער די קליינע האָט אירס דערגרייכט.

איצט איז זי געווען באַזאָרגט מיט אַ וואוינונג, מיט עסן און טרינקען, דאָס אַלץ אויף אַ גאַנץ יאָר... און אויב זי וועט אין דעם יאָר זיך ניט פוילן, זיין געטריי דער באַלעבאָסטע, זיך אויפפירן אָנשטענדיק און גאָרניט צו׳גנב׳ענען, וועט זי נאָכן יאָר איבערציילן אייגענע פינף און פערציק רובל מיט אַ שאַלעכל, און מיט צוויי קלייד־לעך. זי האָט באַדאַרפט באַדינען פיר מענטשן: דעם באַלעבאָס, די באַלעבאָסטע און זייערע צוויי קליינע יינגלעך.

די גאַנצע שטוב־אַרבעט איז געפאַלן אויף אירע שמאָלע, שוואַכע פּלייצעס, אָבער זי האָט ניט געזינדיקט. מחמת דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן, וואָס זי האָט געגעסן צו זאַט ניט נאָר ברויט און ניט נאָר שוואַרץ ברויט, נאָר אויך פלייש און אַמאָל אַ שטיקל עוף. נאָר מיט איין זאַך איז זי ניט געווען צופרידן: זי האָט דאָ קיין קלויסטער ניט געהאַט, וואו אַפּצודאַנקען גאָט פאַרן גרויסן חסד, וואָס ער האָט מיט איר געטאָן.

די באַלעבאַטים אירע זענען גאָרניט געווען ענלעך צו די אָרעמע שטעטלדיקע, אָפּגעריסענע, פאַרוואַקסענע יידן, וואָס פלעגן אַראָפּ־קומען קיין אַטשערעטניע אויפקויפן אייער, שטשעטינעס, שמאַטעס, — פאַרדריכטן פעלצן, אָנגלעזן פענצטער, אָבער — פאַרגיסן עמער. האַרפּינקעס באַלעבאַטים, — כאָטש זיי זענען געווען יידן — האָבן געהייסן קריסטלעכע נעמען — ער, נאַאום און זי, — סאָפיאַ... זיי האָבן זיך געקליידט, ווי די פּריצים און גערעדט צווישן זיך און מיט די יינגלעך זייערע נאָר אויף רוסיש און אַמאָל אפילו פויליש. ער איז כאָטש איין מאָל אַ וואָך געגאַנגען אין קלויז אַריין דאַווענען, אָבער זי, סאָפיאַ, האָט קיינמאָל ניט געדאַווענט. אָנשטאָט דעם האָט זי גאָר געלייענט רוסישע ביכער, אָבער — געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ. זי

פלעגט אויך גיין וווסטריעטשאיען (באַגעגענען) די פּאַסאַזשיר־צוגן און אין די אָוונטן גיין שפּאַצירן מיטן מאַן, אָבער — מיט אַנדערע סטאַנציאָנע יידן, וואָס האָבן אויך גערעדט רוסיש און זענען אויך געווען ענלעך אויף פּריצים.

סאָפּיאַ אַזאַרסקאַיאַ — אָבער ווי האַרפּינקע האָט זי גערופן „פּאַני״ — האָט די ערשטע צייט נאָך האַרפּינקעס אָנקומען, איר שטאַרק נאָכ־געקוקט און אַלעמאָל, נאָכן עסן, ביים אַריינלייגן דאָס זילבער־געשיר אין שופלאָד, געציילט די לעפל מיט די גאָפּלען...

דעם אמת זאָגן, האָט האַרפּינקע זייער חשק געהאָט איינצושאַפּן זיך פון דעם טשיקאַווע געפעס, וואָס האָט אַזוי העל געגלאַנצט, אַז מען האָט זיך אין דעם געקאָנט אָנשפּיגלען. זי האָט עס אָבער מורא געהאַט צו טאָן און זי האָט נאָך אַרויסגעהאָלפן סאָפּיאַן צוצוציילן דאָס זילבער. אַ חוץ דעם, וואָס אַזאַרסקאַיאַ האָט נאָכגעקוקט האַר־פּינקען, האָט זי זי קיינמאָל ביים נאָמען ניט גערופן, — נאָר זיך געווענדט צו איר אויף „טי״ (דו) אָבער „טשויעש״ (הער נאָר)

האַרפּינקען האָט עס זייער וויי געטאָן, אָבער זי האָט זיך אויס־געלערנט צו פאַרשטיין, אַז אַזוי באַדאַרף עס צו זיין. זי האָט זיך שטילערהייד אונטערגעגעבן, פיינט באַקומען די באַלעבאָסטע מיט אירע רוסישע ביכער און מיט דער פּיאַנאָ און מיט אירע באַריידעווו־דיקע געסט — און געטאָן איר אַרבעט, אָפּט איבער אירע כוחות — שטיל און אפילו צוגעזונגען אַ ליד דערביי.

די לידער זענען געווען טרויערדיקע. זי האָט דאָס קול אירס מורא געהאַט אויסצוציען אין דער גאַנצער לענג און ברייט, ווי זי איז בעזוואוינט געווען ביי זיך אין דאָרף אָבער אין פעלד — און זי האָט עס געשטיקט אין זיך. איז עס דעריבער אַרויסגעקומען זייער נאָגעדיק. איינמאָל האָט זי אַזאַרסקאַיאַ איבערגעריסן אין מיטן זינגען:

— טי טשיעוואָ זאַוויוואיעש? (וואָס וואַיעסטו?)

האַרפּינקע האָט איר געזאָנג דערשטיקט אין זיך און די בענק־שאַפט נאָך אַ קלויסטער איז נאָך שטאַרקער געוואַקסן אין איר. אַהיים איז געווען ווייט צו גיין און דאָ איז ניט געווען, וואו אויסצוגיסן דאָס האַרץ. האָט זי אויסגעפונען, אַז דאָס נענטסטע דאַרף צום וואָקזאַל איז רייקי, אינגאַנצן צוויי ווערסט. געזאָגט האָט עס איר אַ רייקיר שיקסע, וואָס האָט דאָ אויך ערגעץ, ביי אַן אַנדער יידן, געדינט. זי האָט איר צוגעזאָגט, אַז קומענדיקן זונטיק וועט זי זי מיטנעמען מיט מיט זיך קיין רייקי.

האַרפּינקע האָט זיך אויסגעבעטן ביי איר באַלעבאָסטע אויף אַ האַלבן טאָג און איז מיט דער רייקיר מיידל אַוועק קיין רייקי.

עס איז געווען אַ כמורנער, פּראָסטיקער זונטיק אין די לעצטע טעג פון פּיליפּיווקווע. (דער תענית פונעם הייליקן פּיליפּ) ווען די מיידלעך זענען אַריינגעקומען אין דאָרף אַריין, זענען שוין פּויערים מיט די ווייבער און קינדער געגאַנגען אין קלויסטער אַריין. דער קלויסטער איז געשטאַנען אויף אַ בערגל און האַרפּינקע האָט אים נאָך אין פעלד אַרויסגעזען. איצט, דערנענטערנדיק זיך צו דער געטלעכער געביידע, האָט איר האַרץ שטיל און מיט מורא אויפגע־קלאַפּט. זי איז נאָך געווען ניכטער. די פּראָסטיקע פעלדיקע לופט האָט זי דורכגענומען און זי האָט געליטן הונגער. עס האָט איר געשווינדלט אין די אויגן, אָבער זי האָט זיך געשטאַרקט און געגאַנגען ווייטער און ווייטער. איר נייע חבר'טע האָט מען אַלע מאָל אָפּגע־שטעלט און זי געפרעגט, וועמען זי פירט מיט זיך און איר חבר'טע האָט אַלעמען געזאָגט, אַז האַרפּינקע איז אַן אַטשערעטניער. פּויערים האָבן פריינטלעך געשאָקלט מיט די קעפּ... „אַן אַטשערעטניער, — אין אַן אַטשערעטניער, דיי באָזשע זדאַראָוויאַטשקאַ" (גיב, גאָט, גע־זונט) דער קלויסטער איז גרויס גענוג...

זיי האָבן, דאַכט זיך, באַלד פאַרגעסן אין איר און געגאַנגען זייער וועג. אָבער שוין אין ברייטן קלויסטער־הויף, וואָס איז געווען אַרומ־געצוימט מיט אַ העל־ווייסן, שפּיציקן שטאַכעטן פּלויט, — האָבן זי אַרומגעשטעלט אַ גאַנצע חברה קליינוואַרג, אין אירע יאָרן שקצים און שיקסלעך, און מען האָט זי נייגעריק באַטראַכט.

— אוסטופּיטסיאַ! (טרעפּ אָפּ) האָט האַרפּינקעס חבר'טע זיי געטריבן, אָבער איינער פון דער חברה האָט איר אָפּגעענטפערט: „אוסטופּיס, יאַק טאָבי טיסנאָ..." (טרעט אָפּ, אויב ס'איז דיר ענג)

האַרפּינקעס חבר'טע האָט זיך באַליידיקט און — כאָטש אויפן ניכטערן מאָגן און נאָך פאַר דער הייליקער תפילה דערצו — איז זי אינגאַנצן רויט געוואָרן פון כעס און געזאָגט:

—דיניס, דיניס, אוטרי ניט (וויש אָפּ די נאָז)

די חברה האָט זיך צעלאַכט. האַרפּינקע מיט דער חבר'טע האָבן זיך דערווייל אַרויסגעדרייט פונעם געזעמל און זענען אַריין אין קלויסטער.

שפּעטער האָט האַרפּינקע, שטייענדיק אין גאָטס הויז, באַמערקט דיניס'ן און נאָך אייניקע פון דער חברה, וואָס האָבן זי אין קלויסטער־הויף אַרומגעשטעלט. זיי זענען געשטאַנען אין דער הויך, אויף די

קליראָסן און האָבן געזונגען. מיט די זינגער האָט דיריגירט אַ שיינער, ברייטפּלייציקער יונגערמאַן, אַפּנים, דער דאָרפישער לערער. דיניס האָט פון האַרפּינקען קיין אויג ניט אַראָפּגענומען און דאָס האָט זי אַרויפגעפירט אויף זינדיקע געדאַנקען אין מיטן דער הייליקער תפילה. זי האָט אָפּגעווענדט די אויגן פון די קליראָסן און געקוקט גלייך דעם שוואַרצבערדיקן גלח אין פּנים אַריין.

אין קלויסטער איז ניט געווען קאַלט. די ענגשאַפט איז דאָ געווען גרויס, די לופט — פאַרשטיקט, אָבער דערפאַר האָט האַר־פּינקע איצט ניט געפילט דעם הונגער אַזוי ווי אין דרויסן.

דער גלח האָט איבערגעריסן זיין תפילה. איבערן קאָפּ האָבן די גלעקער און די גלעקלעך הילכיק זיך צעקלונגען. מען האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין פון קלויסטער.

אין קלויסטער־הויף האָט זיך גלייך באַוויזן דיניס און די גאַנצע פריערדיקע חברה מיט אים. האַרפּינקע האָט געזוכט איר חבר'טע, אָבער יענע איז ניט געווען, ווייזט אויס, אַוועק אַהיים... וואָס ווילן זיי דאָ אַלע פון איר???

דיניס איז צוגעגאַנגען צו האַרפּינקען און מיט זיינע שמאָלע אויגן פאַרקוקט גלייך אין אירע אויסגעדאַוונטע, העל־געוואָרענע גרויסע בלאָע אויגן.

— טאָ ווי טאָ ווי (און איר) האָט ער אָנגעהויבן היקען און איז רויט געוואָרן — טאָ ווי, זנאַטשיט, בודעטע ז אַטשערעטני? (זענט איר אַן אַטשערעטניער?)

—ז אַטשערעטני — האָט אים האַרפּינקע נאָכגעזאָגט.

— אַ יאָ אַ יאָ — דיניס איז נאָך אַלץ ניט געקומען צו זיך און זיך שטאַרק פאַרהיקעט — און איך האָב אייך געוואָלט פרעגן, צי קאָנט איר ניט אייער יידישן לערער.

ביי די ווערטער איז האַרפּינקע שטאַרק בלייך געוואָרן און מער אַ וואָרט ניט געקענט אַרויסריידן: זי איז געווען זיכער, אַז מען פרעגט זי אויף ראַבינאָוויטשן און זי האָט ניט געקאָנט און ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן. זי האָט געהערט, אַז ווען מען מישט זיך אין אַזעלכע זאַכן, פאַרפאַקט מען באַלד אין קוצעמענט (טורמע) אַריין... אָבער שווייגן האָט זי אויך ניט געקענט און זי האָט אין שרעק געפרעגט:

— ווייסט מען שוין ביי אייך אויף דערפון?!

דאָ האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַ שיקסל מיט ברוינע, עטוואָס־קאָסע איינגעשניטענע אויגן און געפרעגט:

— וועגן וואָס דערפון? און וואָס איז דען מיט אים געשען?

— אָ — האָט זיך האַרפּינקע צוריקגעכאַפּט — איר ווייסט גאָר־ניט ?... — זי איז געווען צעמישט: דאָ פרעגן זיי זי אויפן לערער און דאָ זאָגן זיי, אַז זיי ווייסן ניט... זי האָט זיך געשטאַרקט, געמר־טיקט און אַזוי געזאָגט: — לצים, וואָס מיינט איר, אַז איך בין אַ פרעמדע, דאַרפט איר שוין חוזק מאַכן פון מיר ?

דאָס מיידל מיט די ברוינע, שאַרפע אויגן האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, האָט זי דיניס ניט געלאָזט רעדן.

— טי, יאַוודאַכאַ, מאַוועטשי (דו שוויג) הער, — האָט ער האַר־פינקען געזאָגט — מיר לאַכן ניט אָפּ, מיר ווילן בלויז וויסן, וואָס מיט אים איז געשען.

— טאָזש טאַק (טאַקע אַזוי) האָט יאַוודאַכע אונטערגעכאַפּט.

— איר קאָנט אים דען ?! — האָט האַרפּינקע שטאַרק פאַר־חידוש'ט געפרעגט.

אַלע האָבן זיך פון איר פראַגע צעלאַכט.

האַרפּינקע האָט זיי באַטראַכט און געזאָגט:

— ניט קיין חידוש, וואָס איר קאָנט אים: ער איז זייער אַ קלוגער און אַ געלערנטער מענטש און מען האָט אים פאַר עפּעס פאַרשיקט.

ווי נאָר זי האָט דאָס לעצטע וואָרט אירס אַרויסגעבראַכט, האָט זי דערזען, אַז זיי זענען אַלע ווי איבערגעשראָקן געוואָרן. זי האָט זיי מיט שטייגנדיקן נייגיר באַטראַכט. יאַוודאַכע איז געווען בלייך, ביי דיניסן האָט זיך דאָס מויל ברייט געעפנט און ער האָט געקליפּעט מיט די אויגן. די איבעריקע חברה זענען געשטאַנען, ווי אָפּגענאַרטע און איינער, אַ קליינינקער, האָט זיך, דאַכט זיך, געקליבן צו וויינען... נאָר דער ליאַכישער טאַנאַסקאַ האָט, מאַכנדיק זיך אין כעס, ווייט און פלינק אויסגעשפּיגן און געזאָגט:

— דוזשע ראַזומני זשיד! (צו אַ קלוגער ייד)

דערויף האָט דער קליינינקער קאַלען אָפּגעענטפערט:

— ווין אי נאָ זשידאָ נעפּאַכאָזשי (ער איז ניט ענלעך צו אַ יידן)

דיניס איז קוים געקומען צו זיך און געפרעגט:

— וואָהין־זשע האָט מען אים פאַרשיקט ?

— גאָט ווייס — האָט האַרפּינקע געענטפערט.

— פאַרוואָס ? — האָט יאַוודאַכע ווי מיט אַ טענה געפרעגט.

— גאָט ווייס — איז געקומען דער זעלביקער ענטפער.

דיניס האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעגלייכט. זיינע שמאָלע קאַרע אויגן האָבן מיט פרייד געגלאַנצט.

— טישיע, ריעביאַטאַ! (שטילער, חברה) האָט ער פייערלעך אויסגערופן — ווי קאָן מען אים אַרעסטירן, אַז ער איז נאָך קיין זעכצן יאָר ניט אַלט? מען וואָלט אים צום ערשטן באַדאַרפט ברענגען אַהערצו מיטן עטאַפּ!

— טשאַהאַ??! — האָט האַרפינקע, שוין אײנגאַנצן אַ צעמישטע, לאַנג אויסגעצויגן איר „טשאַהאַ" — ווער, האָט איר געזאָגט, איז נאָך קיין זעכצן יאָר ניט אַלט?

—קאַנאַריק! — האָבן איר עטלעכע מיט איין מאָל געענטפערט.

— קאַנאַריק??!—האָט האַרפינקע איבערגעפרעגט — און ווער איז דער?

— טשי מי ני דאָ באַהאַ מאַלילים, טשי פּראַקליאַטאַי זילי פּאָפּיליס (צי האָבן מיר ניט צו גאָט געדאַוונט, צי האָבן מיר זיך מיט פאַרשאָלטענע קרייטעכער אָנגעשיכור'ט) — האָט דיניס געזאָגט... זי ווייס דאָך אפילו ניט, וועגן וועמען מיר רעדן... איר זענט דאָך פון אַטשערעטניע?

— יאָ — האָט האַרפינקע געזאָגט.

— וואָס־זשע דערציילט איר, אַז מען האָט אַרעסטירט דעם לערער, אַז ער איז נאָך קיין זעכצן יאָר ניט אַלט, האַ?...

האַרפינקע האָט זיך איבערגעצלמ'ט.

— איך זאָל זיין אַזוי אמת פאַר גאָט, ווי איך בין אמת פאַר איך אַלעמען! מען האָט אַרעסטירט אונדזער לערער, אָבער יענער איז שוין אַ מענטש אפשר פון דרייסיק יאָר און ער הייסט ניט קאַנאַריק, — נאָר ראַבינאָוויטש.

— אָבער צו יענעם לערער קומט דאָך אַריין נאָך אַ לערער, אונדזערער אַ כלאָפּעץ — האָט יאַוודאָכע געזאָגט.

— אָ! — האָט האַרפינקע אויסגערופן — איר מיינט דעם צווייטן, אָט דעם אַ?... אַהאַ... זינט מען האָט ראַבינאָוויטשן אַרעסטירט, האָב איך דעם אַנדערן אפשר איין מאָל געזען... אָבער, אָבער — האַרפינקע האָט געשטאַמלט — אָבער אויף וואָס דאַרפט איר אַ זשיד?

— אָט טאַק נישאַהאַ (אָט אַזוי גאָרניט) האָט דיניס זיך פאַר־ענטפערט. איר פראַגע איז געווען אַזאַ געדעכטע און אַזאַ שטאַרקע, אַז זי האָט אים אינגאַנצן צעטומלט. עפּעס איז אים אָבער געווען ניט קלאָר, פאַרוואָס פאַרט אינטערעסירט ער זיך מיט אַ יידן און ניט נאָר ער, — פאַרוואָס שטייען זיי דאָ אַלע, זיינע חברים און חבר'טעס און ווילן אָפּנעמען אַ גרוס פון שמעונען? ער האָט געקוקט אויף

זיי און ער האָט געזען, אַז אויך זיי פילן זיך געטראָפן פון האַרפינקעס געדרעכטער פראַגע. אַלע האָבן שולדיק געשוויגן.

האַרפינקע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— אַ מעני פּאַרא (און פאַר מיר איז שוין צייט) גאָט! ווי זי וועט מיך זידלען!

— מיר גייען דאָך אַלע — האָט דיניס געזאָגט.

אַ פאַר פון דער חברה זענען אַוועק אין אַן אַנדער זייט. פאַר־בליבן זענען: דיניס, קאַלעניק, פּראַקאַשע, יאַוודאָכע און סאַלאָמיע. זיי זענען געגאַנגען מיט האַרפינקען. אַלע האָבן געשוויגן. מען האָט באַדאַרפט פאַרענטפערן די האַרבע שאלה, ווי קומען זיי, קריסטן, רעכטגלייביקע זיך זאָרגן פאַר אַ יידן?

— טאַ זנייעטע טאַק (און דאָס, איר ווייסט, איז אַזוי) האָט דיניס אָנגעהויבן אין מיטן דרינען. האַרפינקע האָט אים באַטראַכט — ער קאַנאַריק, איז געוואַקסן מיט אונדז אינאיינעם, געוועז אונדזער זאַפּיע־וואַלע, (פאַרזינגער) געגאַנגען מיט אונדז אויף וועטשערניציעס, אַזוי ביז דרייצן יאָר... און איצט שרייבט ער אונדז אַמאָל אַ בריוועלע. און אַז ער איז געווען צו־גאַסט, איז ער ווידער געקומען צו אונדז...

— דיניס האָט אָפּגעשוויגן אַ ווײַלע און צוגעגעבן: — אפילו צווישן יידן זענען אויך דאָ לייטישע.

— טאַזש טאַק — האָט האַרפינקע גערן געזאָגט. — אונדזער ראַבינאָוויטש איז געווען אַ גוטער מענטש: ער האָט אונדז אַ סך אַרויסגעהאָלפן. אַלע מוזשיקעס, אפילו מיינע קליינע שוועסטערלעך און ברידערלעך געאירצט. נעמט מען אַזאַ און מען פאַרשיקט.

— פאַרוואָס? — האָט יאַוודאָכע געפרעגט.

— גאָט ווייס — האָט האַרפינקע פרום געענטפערט. זי האָט זיך פאַרגעסן, אַז מען דאַרף זיך היטן און דערציילט: — ער פלעגט צונויפרופן אַ סך געלערנטע מענטשן צו זיך. דאָרט האָט מען געטרונקען טיי און געהאַלטן אין איין רעדן, ביז עס האָט עמיצן פאַרדראָסן זייערע רייד און מען האָט צו וויסן געגעבן דעם אוראַדניק...

—אַלע'?! — (אַן אמת?!) האָט דיניס געגאַפּט.

די חברה האָבן שוין זייערע היימען אויסגעפּעלט, אָבער זיי האָבן זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון דער אַטשערעטניער מיט אירע שרעקעדיקע גרוסן, אפילו ווען זיי האָבן ניט געהאַט וואָס צו זאָגן, זענען זיי איר נאָך אַלץ נאָכגעגאַנגען.

אַלע לייט זענען איצט שוין געווען אין זייערע שטיבלעך. עס האָט געשמעקט מיט הייסן, פּיסנע באַרשטש און מיט געפּרעגלטן

איל. די קינדער זענען געווען הונגעריק, אָבער זיי זענען נאָכגע־
גאַנגען האַרפּינקען ביז נאָכן לעצטן רייקיר הויז. ערשט, אַז עס
האָט אויף זיי אַ ווײַ געטאָן דער פעלדיקער ווינט, האָבן זיי זיך אָפּ־
געשטעלט און דיניס האָט געזאָגט:

— אָ ווי דומאלי, שטשאָ מי דומאַיעמאָ... אָט סמיכאָטאָ! (און
איר האָט געמיינט, אַז מיר מיינען, אָט אַ געלעכטער) ער האָט זיך
שטאַרק פאַרטראַכט און צוגעגעבן אויף רוסיש, ווי אַ באַיאַרטער
מענטש: — דיעלאָ טאָ דיעלאָ... (אָט וואָס סע קאָן זיך טרעפן).

האַרפּינקע האָט זיך געאײַלט. זי האָט זיך מיט זיי געזעגנט און,
מיט דער שמאָלער, ברוינלעכער, איינגעטראָטענער שניי־סטעזשקע,
זיך געלאָזט אין פעלד אַריין.

# קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

און אַט איז געקומען ריזלעך, דער יום־טוב, וואָס אַלע קריסט־לעכע מענטשן פייערן לכבוד דעם געבורט פון גאָטס זון. פּאַני אַזאַר־סקאַיאַ האָט דערלויבט איר דינסט צו גיין אַהיים אויף אַ גאַנצן טאָג, אָבער ביי האַרפּינקען איז דאָס ניט געווען אַנגעלייגט, מחמת זי האָט איר היים שוין לאַנג פיינט געהאַט. ניט נאָר די עלטערן האָבן זי געשאָלטן פאַר יעדן ביסן ברויט, — נאָר אפילו די קליינוואַרג — אירע שוועסטער־און־ברידער — האָבן געקוקט אויף איר, ווי — אויף אַן איבעריקער אין שטוב. זי האָט אָבער ניט געקאָנט בלייבן אין אַ יידישער שטוב איז אַזאַ הייליקן טאָג און זי איז אַוועק אַהיים. די באַלעבאָסטע האָט איר אַוועקגעשענקט אַן אַלט שאַלעכל, אַ גראָווס מיט קליינע, ווייכע פרענזעלעך. דערצו האָט זי איר מיטגעגעבן אַ גרויסע, ווייסע חלה מיט אַ שטיק געקנאָבלטן קאַלבעס און מיט די מתנות אין די הענט האָט זיך דאָס מיידל געלאָזט אין וועג אַריין.

קיין אַטשערעטניע איז זי געקומען, ווען די מענטשן זענען שוין געגאַנגען פונעם קלויסטער. סע האָבן שוין אפילו די גלעקער מער ניט געקלונגען... האָט זי זיך, אַ פאַרקלעמטע, אָפּגעשטעלט און זיך אַ סך מאָל איבערגע׳צלמ׳ט, קוקנדיק נאָטספאַרכטיק אויף די גלאַנציקע קלויסטער־צלמים. נאָכדעם האָט זי זיך געלאָזט גיין ווייטער אַהיים. אויף דער פאַרפרוירענער ריטשקע האָט זי דערזען אַ סך צלמים אויסגעהאַקטע און שייך־געטאָקטע, געמאַכט פון אייז. זיי זענען געשטאַנען פון פאַרשיידענער גרויס אין צוויי רייען, וואָס האָבן געפירט צו אַ קליין קלויסטערל און אַרום דעם קונציק־געטאָקטן אייז־קלויסטערל זענען ווידער געשטאַנען עטלעכע גרויסע צלמים אין אַ האַלבן קרייז און אין דער מיט אַ גרויסער אַ שווערער און אַן אומעטיק־טונקעלער צלם. ער האָט מיט זיין הייך געגרייכט אַריבן קלויסטערל און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די אַלע שטומע הייליקייטן וועלן זיך באַלד בוקן פאַר אים. זיי האָבן געוואָרט אויפן זעקסטן יאַנואַר, אויפן היי־ליקן טאָג ווען וולאַדימיר דער הייליקער, האָט געפירט די סלאַווישע

געצנדינער אין די וואַסערן פון דניעפּער. דעמאָלט וועט דער אַלטער פּאַטער־גלח, טראַצקי, מיט דער גאַנצער געמיינדע אַרויף אויף דעם פאַרפרוירענעם טייכל און מען וועט אָפּריכטן די שיינע יום־טוב׳דיקע תפילות און יעדער קריסטלעכער מענטש וועט געבענטשט ווערן און מיטנעמען מיט זיך אַהיים אַ פלאַש מיט געהייליקטן וואַסער. מעג מען זיך שוין בוקן צו די הייליקייטן און איבער׳צלמ׳ען די קריסט־לעכע ברוסט?

„זיי מיר מוחל, גרויסער גאָט! — האָט האַרפּינקע אַן ווערטער געבעטן דעם אַלמעכטיקן, וואָס זעט אַלץ פון זיינע הייכן און זי האָט זיך טיף געבוקט און זיך גע׳צלמ׳ט און זי האָט זיך באַרואיקט. זי האָט אויפגעהויבן פון דער ערד דאָס פּעקעלע מיט געשמאַקער שפּייז און זי האָט אַ ציטער געטאָן: זי האָט דאָך ערשט היינט געזינדיקט אין אירע מחשבות!... זי האָט זייער־זייער חשק געהאַט צוצונעמען כאָטש איין זילבערנעם לעפל. זי האָט עס אָבער ניט געטאָן. פאַר־וואָס־זשע איז איר שווער אויפן האַרצן? אז אפשר דערפאַר, וואָס זי האָט צווישן די מענטשן, וואָס זענען פונעם קלויסטער געגאַנגען ניט געזען אירע עלטערן?...

זי האָט זיך געאיילט. אויף דער בריק האָט זי זיך שוין באַגעגנט מיט אירע דאַרפסלייט. זיי האָבן זי פריילעך און יום־טוב׳דיק גע־גרוסט, אָבער אויסגעמיטן צו קוקן איר אין די אויגן. ערשט ווען זי האָט דערזען פון דער ווייטנס דעם טאַטנס שוועסטער, די קרומע יאַרינאַ און יענע האָט אַ פליעסקע געטאָן מיט די הענט, אויס־רופנדיק: „באַזשע־זשמי, באַזשע־זש מי!" — האָט האַרפּינקע פאַר־שטאַנען, אַז עפּעס האָט אין איר היים פּאַסירט. איר מומע איז דער־וויל צוגעקומען נענטער, ברעכנדיק די הענט.

האַרפּינקע האָט זיך, אַ בלייכע אָפּגעשטעלט און קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען. זי האָט נאָר געקוקט מיט אירע גרויסע, ליכטיקע אויגן אויף דער קרומער, פאַרוויינטער יאַרינען, ביי וועמען די גאַנצע רעכטע זייט האָט אויסגעזען ווי איבערגעבראָכן.

— גאָטוניו, גאָטוניו, זיסער און שטאַרקער! — האָט יאַרינע אָנגעהויבן — האָסט געשיקט אַ קללה אויף דיין אָרעמען פּראַוואָ־סלאַוונע פאָלק און דו האָסט זיך שוין גענומען צו אונדזערע קליינינקע קינדערלעך!

האַרפּינקע האָט דערשראָקן געכליפּעט, געוואָלט פרעגן יאַרינען, וועמען זי באַווינט, האָט זי ניט געקאָנט, מחמת עס האָט זי עפּעס

דערשטיקט אין שלונג, אַזוי אַז זי האָט דעם אייגענעם אָטעם ניט געקענט אַראָפּשלינגען און די מומע האָט דערוויל גערעדט:

— ...ניטאָ מאַרטאָשע! און אָפּגעגעבן האָט שוין זיין נשמה׳לע אַלעקסעי! פון הונגער געשוואָלן געוואָרן און אויסגעגאַנגען זייערע נשמה׳לעך. ווי די ליכטלעך! אומגעבראַכט גאָטס באַשעפענישן. פאַר גאָרניט אויסגעריסן, אַפילו ניט געווען פאַרוואָס צו באַהאַלטן זיי. אַפילו קיין לוויה ניט געמאַכט און קיין אָביד (מאָלצייט) ניט געפּראַווועט, — נאָר ווי די ממזרימלעך פאַרפאַרפּלט אין דער שוואַרצער, פינצטערער ערד אַריין. אַ גליק נאָך וואָס דער גוטער גלח האָט זיי מקבר געווען. יאַרינע האָט איבערגעריסן איר זאָגעכץ און געפרעגט האַרפינקען: — און דו, טייבעלע אַרעמס, האָסט גאָרניט געוואוסט און גאָרניט געדאַכט, האַ? האָסט זיך צעבליט, ווי אַ זונעלע אַ יום־טוב־דיקס!... טפו, טפו, טפו! — האָט זי דריי מאָל אויסגעשפּיגן — צו געזונט, צו געזונט, צו געזונט און ס׳זאָל דיר ניט שאַדן!... נו, גיי, גיי געזונטערהייט, זאָלן דיינע עלטערן אַ קוק טאָן אויף דיין ליכטיק פּנים, אפשר וועט זיי גרינגער ווערן.

אָבער האַרפינקע האָט ניט געקאָנט גיין. זי איז צוגעפאַלן מיט איר קאָפּ אויף דער מומעס אַקסל און זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוויין העכער און העכער און שאַרפער. האָט זיך שוין יאַרינע אויך צעוויינט אויף אַ קול און זיי האָבן גאָרניט באַמערקט, ווי אַרום זיי האָט זיך אַרומגעקליבן אַן עולם און אַלע זענען געשטאַנען און געוויינט, נאָר די מאַנסבילן האָבן געשאָלטן די פאַרווייינטע ווייבער, זיך בייזע, געסיקעט (פאַרמאַסטן) צו זיי מיט גרויסע קאַלטע, שוואַרצלעכע פויסטן און זיי געטריבן אַהיים.

האַרפינקע האָט זיך געטאָן אַ ריס אָפּ פון איר מומען און גיך־גיך אַוועק אַהיים.

„אַ פאַרשאָלטענער יום־טוב — האָט זי פאַרצווייפלט געטראַכט. זי האָט זיך דערמאָנט אין ראַבינאָוויטשן. ער וואָלט ניט געווען דער־לאָזט, אַז מאַרטאָשקע און אַלעקסעי זאָלן אויסגיין פון הונגער. ראַבי־נאָוויטש איז אַ ייד, אָבער ער איז געשיקט געוואָרן פון גאָט גוטס טאָן די מענטשן, — האָט מען אים פאַרשיקט!... פאַרוואָס, פאַרוואָ־אָס???

זי האָט פון וויטן דערזען איר היים, איר שטיבל. עס איז געווען אָפּגעלאָזן און קויטיק פון דרויסן. ווען זי איז שפּעטער אַריינגעקומען אינעווייניק, איז עס אויך געווען אַזוי אָפּגעלאָזן ווי אין דרויסן. ניט געשמירט, ניט געהייצט און דער אויוון פאַרשעמט און קאַלט. די

מאַמע איז געזעסן אויפן פיל איינגעוויקלט אין שמאַטעס און געזויפט און דער טאַטע האָט געהאַלטן אין איין שנייצן די נאָז.

האַרפינקע האָט צעבונדן איר בינטל. בשעת זי האָט עס געטאָן, האָט זיך פונעם אויפגאַוויון דערהערט אַ פילקוליק געברום מיט אַ קוויטשעריי פון די לעבנגעבליבענע קינדער. זיין האָבן אַלע אין איין קול געשריגן: „דיי דיי!" נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ שפּרינגעניש פונעם אויוון אויף דער לעזשאַנקע און פון דער לעזשאַנקע — אויף דער ערד. אָבער האַרפינקען האָט זיך געדאַכט, אַז ניט זיי שפּרינגען, נאָר זיי פאַלן... זיי זענען זי באַפאַלן און אַלץ מיט איין מאָל פון אירע הענט, די שפּיז מיט דער פּאַטשיילקע — אין וועלכער דאָס עסן איז געווען איינגעבונדן אויסגעריסן. אַ קנויל קינדער איז אַרונטער אונטערן טיש, עטלעכע זענען געבליבן דאָ און געשלונגען גרויסע ביסנס. האַרפינקע האָט פאַר די עלטערן אויסגעריסן מיט גוואַלד צוויי שטיקלעך חלה און אַ דערשיטערטע, אַ פאַרשטיקטע פון דער ענגער לופט איז זי אַרויס אין דרויסן און אַוועק מיט דער גאַס.

עס איז געווען לויטער און פּראַסטיק. דאָ און דאָרט האָבן זיך שוין געוויזן פויערים נאָך דער יום־טוב׳דיקער סעודה. זיי זענען געשטאַנען און אָנגעכמורעטע, שטיל געבאַלאַקעט. פון וויטן האָבן זיך דערטראָגן פריילעכע אויסגעשרייען פונעם גליטש. האַרפינקע איז געגאַנגען אַהין. זי איז געווען מיד און הונגעריק. זי האָט גאָרנים געקענט גייך, אָבער זי האָט ניט געוואוסט וואו זיך אַהינצוטאָן. איר שרעקלעכע היים האָט זי געיאָגט ווייטער און ווייטער. זי האָט זיך באַגעגנט מיט אירע חבר׳טעס און זיי האָבן איר דערציילט, אַז עס איז ניטאָ דער טאָג, עמיצער זאָל אין דאָרף ניט שטאַרבן פון הונגער. אַ חוץ דעם איז נאָך צוגעקומען אַזאַ מיאוסע שלאַפקייט אין מויל, וואָס ברענגט אום די קליינע קינדער. אין שטאָט, אין די קראָמען ווערט אַלץ טייערער און פאַרדינען איז ניטאָ וואו, און דער ווינטער איז גרויס און שלעכט און קאַלט...

האַרפינקעס חבר׳טעס האָבן גערעדט גיך־גיך, איבערגעשלאָגן איינע די אַנדערע און זיך פאַרקרומט, ווי מאַמעס.

---

אויפן גליטש איז אָבער געווען פריילעך און טומלדיק. קינדער און דערוואַקסענע, אויף שליטעלעך און אויף גליטשערס, האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן. יונגע פּאַרובקעס, נאָך אפילו אַן וואַנציעס, מיט הויך־אויפגעשטעלטע יאַלעמעס האָבן דערזען האַרפינקען און

זי אַרומגעשטעלט. זיי האָבן זיך העפלעך געוויטעט מיט איר. אירע חברטעס זענען דערביי געשטאַנען און פאַרקוקט מיט קנאה. איין פּאַרובאַק האָט מער ניט געקאָנט אָנהאַלטן זיין ערנסטקייט און אַ שטופּ געטאָן אַ צווייטן אַזוי, אַז ער איז אַרויפגעפאַלן אויף האַרפּינקען און האַרפּינקע אויף אירער אַ חברטע און יענע — אויף אַ דריטער. זיי זענען אַלע שיעור אומגעפאַלן איינע נאָך דער אַנדערע... זיי האָבן זיך קוים אויף די פיס געהאַלטן, אָבער דער באַרג איז געווען הויך און משופּע׳דיק און זייער גליטשיק, און די גאַנצע חברה איז אויף די פידעשוועס אַראָפּגעפאָרן דעם באַרג.

עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן פריילעכער. שפּעטער זענען צוגעקומען מער מענטשן. עס האָבן זיך באַוויזן די שליאַכטיטשעס מיט זייערע אויסגעפּוצטע ווייבער און קינדער אויף קליינע, פאַרביקע שליטעלעך און שיינע, גלאַנציקע גליטשערס. עס זענען אויך געווען די דריי שוועסטער, וואָס בייען לייבלעך פאַר אַלע אָטשערעט־ניער פּויערטעס און צווישן זיי האָט האַרפּינקע דערזען דעם „קליי־נעם״ לערער (ראַבינאָוויטש האָט ביי איר געהייסן „דער גרויסער) ווען די רייקיר האָבן גערופן „קאַנאַריק״.

האַרפּינקע האָט זיך אַ ביסל צעפלאַמט און פאַרשייט אויסגע־רופן: קאַנאַריק!״

שמעון, וואָס האָט געהאַלטן סקווירסקין אונטער דעם האַנט, האָט זיך אַ פאַרשעמטער און אַ דערשראָקענער אומגעקוקט... ווער רופט עס אים מיט זיין גוטן, ליבן היימישן נאָמען?!?! ער איז געווען זיכער, אַז צווישן די מענטשן אויפן גליטש איז דאָ עמיצער פון רייקי און ער האָט, אַ צעמישטער, געזוכט מיט די אויגן צווישן עולם. ער האָט אָבער קיינעם פון זיינע דאָרפסלייט ניט געזען. האָט ער ווידער גענומען אַננאַן אונטער דער האַנט און זיך געלאָזט גיין באַרג אַרויף.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט האַרפּינקע ווידער אַ רוף געטאָן „קאַנאַריק!״ און זיך באַלד צעלאַכט. ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען אַ יונגע מיידל מיט אַ פּריציש גראָ־וואָלן שאַלעכל אַרומ־געבונדן, קוקט גלייך אויף אים מיט גרויסע, לאַכנדיקע, ליכטיק־בלאָע אויגן... אים איז געוואָרן קשה, מחמת איר פּנים איז אים עפּעס קענטלעך געווען... ערגעץ האָט ער זי געזען, אָבער ער האָט זיך גראָד ניט געקענט דערמאָנען, וואו. ער איז געשטאַנען, געקוקט אויף איר, אַ פאַרשעמטער און אַ פאַרלוירענער. עס האָט אויך געקוקט אויף האַרפּינקען די שיינע, פאַרביקע אַננאַ און —

אירע שוועסטער מיט זייערע קאוואַליערן, איינע מיטן רויטן אינזשע־ניט און די אַנדערע מיט זייצעוון.

שמעון האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר זיין דאַמע, זי איבערגעלאָזט און געגאַנגען גלייך צו דער לאַכנדיקער האַרפינקען. זי האָט זיך עפּעס אַזוי ווי דערשראָקן. עס האָט אויסגעזען, ווי אָט־אָט נעמט זי און אַנטלויפט. זי איז אָבער געבליבן שטיין, בלויז אַ פּאָר טריט געמאַכט אויף צוריק.

שמעון איז צוגעקומען צו איר און העפלעך אַראָפּגענומען זיין היטל.

— איזווינאיוס — האָט ער אידל געזאָגט — איר האָט מיך, דאַכט זיך גערופן?

האַרפינקע האָט פריילעך געשאָקלט מיט איר קעפּל אויף יאָ.

— סטראַננאָ, (מאָדנע) האָט שמעון געזאָגט — אייער געזיכט איז מיר קענטלעך, אָבער איך קען זיך ניט דערמאָנען... ווי מיעניאַ ז טאָלק סבילי (איר האָט מיך צעטומלט).

האַרפינקע האָט געשוויגן און געוואַרט, שמעון זאָל זי דער־קענען. ער האָט געקוקט, געקוקט אויף איר און באַלד האָט ער מיט זיין קלאָרער, ייִנגלשער שטים אויסגערופן:

— קטאָ וואַם אָטקריל מאַיאָ פּראַזווישטשיע? (ווער האָט אייך אַנטדעקט מיין צונאָמען?)

האַרפינקע איז אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער שפּיל, אַז זי האָט, דאַכט זיך פאַרגעסן אין איר גרויסן אומגליק. זי האָט נאָך אַ ווילע געלאָזט וואַרטן דעם נייגעריקן בחור און דערנאָך האָט זי פאַר׳גנב׳עט איבערגעפרעגט: „ווער?" און זי האָט אָנגעהויבן אויס־צורעכענען, ווי זי וואָלט זיך גערייצט מיט אים:

—...דיניס, יאַוודאָכע, סאַלאָמיע, טאַנאַסקאַ, קאַלעניק, פּראַ־קאַשע...

שמעון האָט אויסגעזען ווי ער קלייבט זיך אַראָפּזעצן אויפן שניי פון שוואַכקייט און געפּלעפּטקייט. ער האָט געקליפּעט מיט די אויגן, קרומלעך געשמייכלט, ווי ער וואָלט זיך געקליבן וויינען. עס איז אים אויסגעקומען, ווי דער געשפּרעך וואָלט געווען אַ חלום. ער האָט צענומען זיינע אָרעמס.

— איך פאַרשטיי גאָרניט, — האָט שמעון פאַרצווייפלט געזאָגט.

האַרפינקע האָט אויף אים רחמנות געהאַט און געזאָגט:

— אַ ווי מאַהאָ טאַטו זנייעטע אי ווי וו נאַשי כאַטי סידילי (און איר קאָנט מיין טאַטן און איר זענט ביי אונדז אין שטוב געזעסן).

ערשט האָט זיך שמעון דערמאָנט, אַז ער האָט עטלעכע מאָל געזען דאָס זעלביקע שיקסל ביי ראַבינאָוויטשעס באַלעבאָס.

— איר זענט געווען אין רייקי? — האָט ער זי געפרעגט.

— געווען — האָט זי געזאָגט.

— וואָס טוט איר דאָרט?

— איך דין.

— ביי וועמען?! — האָט זיך שמעון גע׳חידוש׳ט.

— ביי אַזאַרסקין.

— אויפן וואָקזאַל?

— אויפן וואָקזאַל.

— האָט איר מיר, הייסט עס, געבראַכט אַ גרוס? — האָט ער זי מיט פרייד איבערגעפרעגט.

— געבראַכט אַ גרוס פון אייערע חברים און פון אייער דיוּוטשינאַ.

האָרפּינקעס חברטעס האָבן זיך ענג צונויפגערוקט און ביי אירע לעצטע ווערטער זיך געשטיקט פון געלעכטער און גנביש פאַרקוקט צום פאַרשעמטן יינגל און האָרפּינקע האָט שטאָלץ צוגעגעבן:

— איך ווייס אַלץ!...

— עטאַ כאַראַשאָ — האָט שמעון געזאָגט — און ווען וועט איר דאָרט נאָכאַמאָל זיין?

— איבעראַכטאָג זונטיק.

— אַזוי? — האָט שמעון איבערגעפרעגט — גיט־זשע זיי אַלעמען איבער אַ גרוס און אויב איר ווילט אַזוי ליב זיין, גייט אַריין צו מיינע עלטערן און גיט זיי אויך איבער אַ גרוס. פרעגט בלויז וואו כאַקעל וואוינט, וועט מען אייך שוין אָנווייזן... — שמעון האָט אַ ווילע געשוויגן און אויסגערופן: — אודיוויטיעלנאַ! (וואונדערלעך!) ער האָט עס אויסגעזונגען מיט אַ שיינענדיק פּנים, זיך געזעגנט מיט האָרפּינקען און זיך אפילו פאַרנייגט פאַר אירע חברטעס און זיך געלאָזט גיין צו זיין קאָמפּאַניע.

האָרפּינקע האָט אים צוריקגערופן: „אוטשיטעליו!״

שמוען האָט זיך אומגעקערט.

— אַ שטשאָ? — האָט ער געפרעגט.

— איך וויל אייך עפּעס פרעגן — האָט זי ניט געוואָגט אָנגעהויבן.

—פרעגט — האָט ער, ווי אַן עלטערער, זי דערמוטיקט.

— זאָגט מיר — האָט זי געדערעדט שטיל, אַז ער האָט זי קוים געהערט — אירע אויגן זענען דערביי גרויס און טונקל געוואָרן — פאַרוואָס האָט מען פאַרשיקט ראַבינאָוויטשן?

שמעון האָט געשוויגן.

— איר ווייסט פאַרוואָס? — האָט אים האַרפינקע איבערגעפרעגט.

— שווער צו זאָגן — האָט שמעון גאָר שטיל געענטפערט.

— אָבער פאַרוואָס, פאַרוואָס??? ער איז דאָך געווען אַזוי גוט צו מענטשן, צו אַלע אָרעמע מענטשן! — איר שטימע האָט זיך אָנגעבראָכן און די שיינע אויגן זיינען פאַרלאָפן מיט טרערן — ווען ער זאָל געווען זיין ביי אונדז, וואָלטן אונדזערע קינדער ניט געשטאָרבן פון הונגער. זי האָט געקוקט אויף אים עפּעס ווי מיט אַ טענה. אירע טרערן האָבן אים געבריט. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט. ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר און איר איינגערוימט:

— ווען איך זאָל אייך זאָגן דעם אמת, וועט מען מיך אויך פאַרשיקן. די מיידלעך אַרום האַרפינקען האָבן זיך מיט חידוש און שרעק איבערגעקוקט... זיי סוד'ען זיך גאָר?! וועגן וואָס אַ שטייגער??...

שמעון האָט זיי באַטראַכט און שוין העכער געזאָגט.

— מען האָט דעם גוטן ראַבינאָוויטשן פאַרשיקט דערפאַר, וואָס ער האָט ליב געהאַט די אָרעמע און פיינט געהאַט די רייכע.

— איר גלייבט דאָך אַלע אין גאָט? האָט שמעון געזאָגט צו האַרפינקען און צו אירע חברטעס. ער האָט זיי דורכגענומען מיט זיינע אויגן — מוזט איר מיר דאָ שווערן, אַז קיין מענטש אין וועלט וועט ניט וויסן, וואָס מיר האָבן דאָ גערעדט!

—קילקאַ דילאַ (וואָס מאַכט עס אויס) האָט איין שיקסל זיך אָפּגערופן — זי האָט זיך איבערגע'צלמ'ט און זיך געשוואוירן: כרעסט סוויאַטי (הייליקער צלם) איך וועל ניט דערציילן. זי האָט האָט זיך מעשה העלדין, געווענדט צו אירע חברטעס:

—וסי זאַבאַזשיטסיאַ! (אַלע שווערט!)

אַלע האָבן זיך גע'צלמ'ט און געשוואוירן, אַז שמעונס רייד וועלן בלייבן אַ סוד.

שמעון האָט זיך ווידער געזעגנט מיט די מיידלעך און איז אַוועק צו אַנבאָן, וואָס האָט אַ ברוגזע און אַ פאַרגאַפטע און דערצו אַן אויפגערעגטע פון נייגעריקייט, זיך ניט געקענט דערוואַרטן אויף אים.

# קאַפּיטל דריי און דרייסיק

באַלד נאָך ריזלעך איז צו האַרפּינקע געקומען איר טאַטע צו־גאַסט. זיין געדיכטע רויטע באָרד איז געווען משונה פאַרפּלאָנטערט, ווי איינגעשניטן אַ ביסל אין דער מיט און עס איז אויסגעקומען, ווי זי וואָלט געהאַט צוויי שפּיצן, איינער לענגער פונעם אַנדערן. די אויגן זיינען אים געווען אַנגעשוואָלן און רויט און אַ חוץ דעם איז ער געווען אַזוי פאַרקילט, אַז מען האָט פון אים קיין פאַרע (קלאַנג) ניט געהערט.

ער האָט ניט געוואָגט אַריינצוקומען אין דער שיינער הויז, וואו זיין געראָטענע טאָכטער האָט געדינט און זיך לאַנג אַרומגעדרייט אין דרויסן, ביז האַרפּינקע האָט אים דורכן פענצטער באַמערקט און אים אַרויסגעלאָפן אַקעגן. פון צעטומלטקייט האָט זי אפילו פאַרגעסן אַנטאָן די שטיוול און, אַ באָרוועסע געלאָפן אין שניי. דער פאָטער האָט מיט שרעק געקוקט, ווי אירע פיס זינקען אין שניי און ער האָט זי געטריבן צוריק אין הויז אַריין, ווי זי וואָלט געווען אַ הינדל.

זי האָט אים אַריינגעפירט אין דער זאַטער, ווייסער אַנגעהייצטער קיך און אים באַלד געפרעגט, וואָס הערט זיך אין דער היים.

מאָקאָר האָט איר גאָרניט געענטפערט, נאָר פאַרצווייפלט פאַר־ריסן דעם קאָפּ און מיט אַ פינגער עטלעכע מאָל אַ פיר געטאָן איבערן פאַרוואָקסענעם גאָרגל.

— ווסי זשיווי? (אַלע לעבן?) האָט האַרפּינקע געפרעגט.

דער פאָטער האָט געשאָקלט מיטן פאַרוואָקסענעם קאָפּ ווי ער וואָלט זאָגן: „אויך מיר לעבעדיק...״ ער האָט הייזעריק קוים אַרויס־געבראַכט:

— פּראָפּאַדאַיעמאָ! — בעט אויס, — האָט ער געזאָגט — ביי דיין באַלעבאָסטע אַ פּאָר קערבלעך אויף ברויט!

האַרפּינקע האָט זיך דערשראָקן: זי האָט גוט אין זינען געהאַט, אַז זי דאַרף צום סוף פונעם זמן איבערציילן פינף און פערציק רובל. איצט איז נאָך קיין חודש ניטאָ, ווי זי אַרבעט, קומט מען שוין צוגיין רייסן פון איר די הויט!...

זי האָט זיך געקווינקלט, איבערגעטראָטן פון איין פוס אויפן צווייטן און געענטפערט:

— זי וועט ניט וועלן.

מאַקאַר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט: פּאָוויזדיכייעמאַ (מיר׳ן אויס׳פּגרן).

— אפשר זענט איר הונגעריק, טאַטע? האָט האַרפּינקע געפרעגט מאַקאַרן.

— זאָט, זאָט... עס פעלט מיר גאָרניט!... געהאַט היינט אַ טייערן אָנבייסן...

— אָ, האָספּאָדי! — האָט האַרפּינקע אויסגערופן — בין איך טאַקע אַ נאַרישע, אַז איך פרעג אייך נאָך. זיצט, טאַטו, זיצט. זי האָט מיט איר פאַרטיך אָפּגעווישט אַ שווער ניט־געפאַרבט בענקל און באַזעצט דעם טאַטן.

ביידע האָבן געשוויגן.

פון די צימערן האָט זיך געהערט, ווי אָזאַרסקאַיאַ זינגט און באַלד האָבן זיך אַהער דערטראָגן העלע קלינגענדיקע פּיאַנאָ־קלאַנגען. מאַ־קאַר האָט פאַרגאַפט צעעפנט דאָס מויל און געפרעגט:

— ווער איז דאָרט?

— פּאַני אָזאַרסקאַיאַ — האָט די טאָכטער געענטפערט.

די פּיאַנאָ־קלאַנגען האָבן זיך געשטאַרקט, זיך צעהוליעט העכער און אָפּטער, זיך צעפאַלן איבער די צימערן, ווי אָפּקלאַנגען פון ווייטע דונערן און זיך פאַרגאַנגען מיט אַ דינעם, צעשאָטענעם געלעכטער, זיך מיטאָמאָל איבערגעריסן אין אַ מאַנסבליש געוויין, וואָס האָט לאַנג־לאַנג געציטערט אין דער לופטן און געפאַלן ערגעץ אין דער טיף מיט אַ לאַנגן, ווייטיקדיקן נאָכקלאַנג.

מאַקאַר איז די גאַנצע צייט פון פּיאַנאָ־שפּיל געזעסן מיט אַ קרום־צעעפנט מויל. ער האָט עס געוואָלט צומאַכן און עס האָט זיך פון זיך אַליין געעפנט.

בשעת די גראָבע, וויינענדיקע קלאַנגען האָבן געטאָן אַ פאַל אַרונטער, האָט ער פאַרהאַלטן דעם אָטעם און אים האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז ער זעט אַ גרויסע, שוואַרצע קראָ, אויף אירע פליגל ליגן זיינע צוויי טויטע קינדער און די קראָ מיט זיי—גלייך אין טייך אַריין!...

ער האָט אפילו געהערט, ווי דאָס וואַסער האָט אַ כליופּ געטאָן.

די פּיאַנאָ איז אָנשטילט געוואָרן. מאַקאַר האָט אָנטציקט געדרייט מיטן קאָפּ און געטשמאָקעט מיט די ליפּן... עס האָבן זיך דערהערט טריט. האַרפּינקע האָט זיך גענומען ראַמען... נאָך איידער מאַקאַר

האָט זיך באַרעכנט, וואו ער איז אין דער וועלט. האָט זיך אויף דער שוועל פון דער אָפענער קיך־טיר, וואָס אין די צימערן אַריין, — באַוויזן אַ יונגע, הויך־וואוקסיקע פרוי, אַנגעטאָן אין פריצישע קליי־דער און די האָר נאָכלעסיק פאַרקעמט. עס האָט פון דער פרוי אַזוי געשמעקט, אַז עס האָט די גאַנצע קיך פאַרשמעקט.

— טשויעש טי, — (הער נאָר, דו) האָט זי זיך געווענדט צו האָר־פינקען — עטאַ טשטאַ זאַ טשיעלאָוויעק? (וואָס איז דאָס פאַר אַ מענטש?)

— מיין טאַטע — האָט די דינסט געענטפערט. ביי דער שמעקע־דיקער דאַמע האָט זיך די קליינע נאָז פאַרקנייטשט. זי האָט זיך געווענדט צו מאַקאַרן:

— דיין טאָכטער לעבט זיך גוט ביי מיר. — ווי נאָר זי האָט אָנגעהויבן רעדן צו מאַקאַרן, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און זיך האַסטיק געטאָן אַ לאָז צו איר מיט אַזאַ פּנים, ווי עס וואָלט אים זייער באַנג געטאָן, וואָס ער האָט איר באַלד, ביי איר דערשיינען אויף דער שוועל, ניט אַרויסגעוויזן געבוג כּבוד, און איר האַנט קיין קוש ניט געטאָן.

אָבער אַזאַרסקאַיאַ האָט זיך ניט געלאָזט קושן די האַנט.

— טשטאַ ווי? באַג ס וואַמי! (וואָס טוט איר? גאָט איז מיט אייך!) האָט זי אויסגערופן. מאַקאַר האָט זיך באַליידיקט און זיך היב־טערוויילעכטס גערוקט צוריק צום שווערן בענקל, אויף וועלכן ער איז פריער געזעסן. ער האָט אויפגעהויבן זיינע דערשלאָגענע אויגן און טעמפּ געקוקט אויף דער פאַרנעמער פרוי.

— ביסט אַ גליקלעכער פאָטער — האָט זי אים געזאָגט — האָסט זיך אויסגעכאַוועט אַ מויד, און זי וועט דיר איבעראַיאַר אַריינברענגען פינף און פערציק קאַרבן...

מאַקאַר האָט שטום געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— האָסט אַ סך קינדער — האָט אים אַזאַרסקי געפרעגט.

ער האָט, ווי אַ שטומער, פריער צונויפגעלייגט אַלע צען פינגער און נאָכדעם צוגעלייגט דריי. ביי אַזאַרסקין זענען די שוואַרצע אויגן גרויס געוואָרן. עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך דערשראָקן, אָבער באַלד האָט זי זיך צעלאַכט און זי האָט אפילו ניט געזען, ווי מאַקאַר האָט צוריק פאַרבויגן צוויי פינגער און — עס איז געבליבן עלף...

„דרייצן קינדער" איז אַזאַרסקין אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז זי האָט זיך ניט געקענט און ניט געוואָלט באַהערשן און הילכיק געלאַכט און

געלאַכט, אַוועק אין די צימערן און נאָך אַלץ געלאַכט... און מאַקאַר איז געבליבן זיצן מיט די פאַרבויגענע צוויי פינגער פון זיין האַנט און מיט אַן אָפן מויל גלייך אין דער אָפענער טיר, וואוהין די לאַכנ־דיקע פרוי איז נאָר־וואָס אַריין.

האַרפינקע האָט געמוסרט דעם פּאַטער:

— און איר האָט אײַך געמוזט אַקוראַט צוציילן!

— איך האָב זיי אין ערגעץ ניט גע׳גנב׳עט — האָט דער פויער בייז געזאָגט. ער איז געקומען צו זיך, און אַ כעס האָט שוין אין אים געקאָכט. — גיי, האָט ער געמונטערט די טאָכטער — גיי, זאָג איר, אַז מיר שטאַרבן פון הונגער און לאָז זי גיבן אַ פּאָר רובל אויף מעל!

האַרפינקע האָט געשוויגן. אין די צימערן איז שטיל געוואָרן. אין דער אָפענער טיר זענען איצט געשטאַנען אַזאַרסקיס צוויי יינגלעך, מיט לאַנגע גלאַט־פאַרקעמטע האָר, מיט גלייכע שרונטן אין דער מיט פון די אויסגעצוואָגענע קעפּלעך. די קינדער האָבן פאַרגאַפט באַטראַכט דעם דויטבערדיקן פויער. באַלד האָט זיך צוריק באַוויזן אַזאַרסקאַיאַ.

— האָסט כאָטש צוגענומען דיין טאַטן פאַר אַ גאַסט? — האָט זי מיט גרינגשעצונג געפרעגט די דינסט.

— איך בין דען אַ באַלעבאָסטע? — האָט האַרפינקע אָפּגעענטפערט, אויסמיידנדיק צו קוקן דער באַלעבאָסטע אין די אויגן.

— אָך, האָספּאָדי, באָזשעי מאָי! — האָט אַזאַרסקאַיאַ אויסגערופן — מען קאָן נאָך מיינען, אַז איך פאַרשפּאַר פאַר דיר אַלצדינג און איך גיב דיר קיין עסן ניט.

— ווער זאָגט דען? — האָט האַרפינקע זיך געכאַפּט.

— „ווער זאָגט דען״ — האָט אַזאַרסקי זי איבערגעקרומט — זיי ניט קיין נאַר און גיב דיין טאַטן אַ הייסע גלאָז טיי! אַ טאַטן דאַרף מען אָפּגעבן כבוד. — זי האָט מאָדנע אַ קוק געטאָן אויפן צעשמאָל־צענעם פויער, וואָס האָט איר געקוקט גלייך אין מויל אַריין. זי איז אַריין אין די צימערן און מיטגענומען די קינדער מיט זיך.

און האַרפינקע האָט גוט אָנגעהאָדעוועט דעם טאַטן. נאָכדעם האָט זי ערשט צעשניטן אַ האַלב ברויט אויף צוויי און ס׳ געהייסן דעם פּאַטער באַהאַלטן „זאַ פּאַזוכו״. ער האָט געפאָלגט די טאָכטער, איר געדאַנקט און זיך געהאַלטן אין צלמ׳ען.

— נו, גיי שוין, טאָכטער, דערצייל איר וועגן אונדזערע צרות, זאָג איר וועגן געלט!

האַרפינקע האָט ניט געקענט און ניט געוואָלט טאָן אַזאַ זאַך. אַז דער פּאַטער איז אָבער צוגעשטאַנען צו איר, איז זי צוגעגאַנגען צו

דער אָפּענער טיר, וואָס אין די צימערן אַריין, זיך מיט איין האַנט צוגעהאַלטן ביים „האַרצן" און אַ רוף געטאָן: „פּאַני אַזאַרסקי!"

די באַלעבאָסטע האָט זיך ניט אָנגערופן.

— פּאַני כאַדזיאיקאַ! — האָט האַרפּינקע אַ צווייט מאָל גערופן.

אַזאַרסקי האָט זיך אומצופרידן אָפּגערופן: „אַ טשטאַ?"

האַרפּינקע האָט שוין מיטביידע הענט צוגעהאַלטן דאָס „האַרץ" און זיך אַלע מאָל פאַרצווייפלט אומגעקוקט צום פאָטער. און ער האָט איר דערוויל אויף שטום־לשון געוויזן, זי זאָל גיין, זי זאָל רעדן, זי זאָל... אויף אונטערגעבן איר חשק, האָט ער ווידער פאַרריסן דעם קאָפּ און געוויזן, ווי ער קוילעט זיך...

ווידער האָבן זיך דערהערט דער באַלעבאָסטעס שנעלע, עזות־דיקע טריט. זי איז געגאַנגען גלייך אויף האַרפּינקען. די דינסט האָט זיך אין שרעק צוריקגערוקט. אַזאַרסקי איז אַריין אין קיך. די קינדער זיינען איר נאָכגעלאָפן און זיי זיינען געבליבן שטיין אין דער אָפענער טיר.

— וו טשיאָם דיעלאָ? — האָט אַזאַרסקי שטרענג געפרעגט.

— קאַזשוט טאַטאַ, שטשאַ דיטאַנקי ז האַלאַדו פּאַמיראַיוט. (עס זאָגן דער טאַטע, אַז די קינדערלעך שטאַרבן פון הונגער).

— אָך! — האָט אַזאַרסקאַיאַ אויסגערופן, ווי זי וואָלט זיך אָפּ־געבריט און נאָך עטלעכע מאָל אויסגערופן: „אָך, אָך, אָך!" און ווייטער: קאַק זשאַל! קאַק זשאַל! (אַ רחמנות!) נו, גיב דיין טאַטן אַ ברויט און גיב אַ ביסעלע וואַרעניע (געפּרעגלטע פּרוכט) גוט?

— האָט זי איבערגעפרעגט מיט אַ גליקלעכער מינע, ווי עס וואָלט שוין מער גאָרניט געפעלט.

האַרפּינקע האָט געדאַנקט און זיך איינגעשטעלט:

—...אָבער דאָס ברויט וועט זיי קלעקן אויף איין צאָן.

אַזאַרסקי איז שוין געוואָרן אין כעס.

— וואָס־זשע ווילט איר פון מיר?...

האַרפּינקע האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, אָבער זי האָט שוין מער קיין מוט ניט געהאַט, האָט זיך שוין מאַקאַר איינגעשטעלט און אַרויס מיט לשון:

— פּאַני! — האָט ער פאַרצווייפלט, הייזעריק ווי אַ ניט־דער־קוילעטער, אויסגערופן. אַזאַרסקי האָט אים אָנגעקוקט.

— דיין טאַטע — האָט זי געזאָגט מיט פאַריבל צו דער דינסט — איז דאָך פאַרקילט! מען הערט פון אים קיין פּאַרע ניט!

—דיטקאָ מענע בע ווימע (דער טייוול וועט מיך ניט נעמען) האָט מאַקאַר מיט זיין שרעקלעך קול געדעדט — אָבער די קינדער, די ווערים, גאָטס באַשעפעניש! בין איך, הייסט עס, געקומען בעטן די פּריצה עפּעס גיבן אַ פּאָר קערבלעך אויף מיין טאָכטערס געהאָלט צו ראַטעוועו גאָטס נשמה׳לעך!...

— שוין!!? — האָט אַזאַרסקי אויסגערופן — איר וועט ביי מיר אַרויסשלעפּן דאָס גאַנצע געלט און וואָס וועט זי טאָן נאָכן יאָר?

מאַקאַר האָט באַנוצט דאָס אַלטע מיטל זיינס: ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, פאַרריסן דעם קאָפּ און געוויזן אַזאַרסקין, אַז ער קוילעט זיך.

— באַג ס וואָמי (גאָט איז מיט אייך) האָט זי אים געטרייסט, — אָבער דאָס איז אוממעגלעך! און דו — האָט זי האַרפּינקען גע׳מוסר׳ט — דו וואַרפּסט זיך שוין מיט געלט! האָסט דאָך נאָך גאַרניט געאַרבעט.

האַרפּינקע האָט שולדיק געשוויגן.

— וואָס שווייגסטו? — האָט זי אַזאַרסקי געפּרעגט. האַרפּינקע האָט גאַרניט געזאָגט, נאָר צוגעפאַלן צום טאַפּטשאַן און זיך הויך צעוויינט.

— אַ שוועסטערל מיט אַ ברודערל האָב איך באַגראָבן! — האָט זי דורך טרערן גערעדט — און איצט וועלן זיי דאָרט אַלע פון הונגער אויסשטאַרבן! גאָטוניו, גאָטוניו!!!

אַזאַרסקי האָט מיט פאַראַכטונג געקוקט דאָ אויפן רויטבערדיקן פויער, דאָ אויף דער וויינענדיקער האַרפּינקען. „אַ נו וואָס ק טשאָרטו״ (אַ, צום טייוול אייך!) זי איז אַריין אין די צימערן, זיך דאָרטן געזאַמט, געזאַמט און אַרויסגעקומען מיט צווי זילבערנע רובל, פאַרקלעמט צווישן צוויי ראָזעווע פינגער פון איר איידעלער האַנט.

— נאַ האָט זי געזאָגט צו האַרפּינקען — סע דיין געלט, — טו דערמיט, וואָס דו ווילסט!...

# קאַפּיטל פיר און דרייסיק

אַזוי אַרום האָט מאַקאַר שוין ווידער געהאַט ברויט. ער האָט ערגעץ נאָך צונויפגעקליבן הילי‌אַקעס (טרוקענע צווייגן) און שטרוי. מאַרטאַכע האָט איינגעהייצט דעם אויוון און דאָס פייער האָט פריילעך געקנאַקט. זי האָט אָפּגעבאַקן שיינע, ליכטיקע ברויטן און די קינדער האָבן זיי געגעסן און זיך באַלעקט, ווי נאָך צוקער. די עלטערן האָבן פונעם ברויט קיין הנאה ניט געהאַט, ווייל דאָס ברויט איז געווען געקויפטס. ניט זיי האָבן די ערד דערויף געאַקערט, ניט זיי האָבן עס פון דאָרט אַרויסגענומען, — נאָר געגאַנגען און געקויפט, ווי פאַרשאַלטענע אָנפּעלדיקע מענטשן. אוודאי זענען עס געווען זינדיקע געדאַנקען, וואָס פּאַסטן זיך ניט פאַר רעכטגלייביקע לייט — פאַרפאַלן: מיט געדאַנקען האָבן ניט מאַקאַר, ניט זיין גאַטספּאַרכטיקע ווייב קיין כוח ניט געהאַט מלחמה צו האַלטן. עס האָט ניט געהאָלפן דאָס שלאָגן זיך אין האַרצן אַריין און דאָס לאַנגע צלמ׳ען זיך... די פרעמדע, ווילדע געדאַנקען זענען געקומען און געזשוזשעט און געזשוזשעט, ווי פרעמדע, שלעכטע קאַמאַרן... זיי האָבן שוין ניט איין געטויפטן פון דרך הישר אַראָפּגעפירט. מערסטנס זענען מיט די־אָ געדאַנקען גע־שטראָפט געוואָרן אָרעמע פויערים. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז עטלעכע אָטשערעטניער האָבן אפילו דאָס מתוודה זיין זיך פאַרנאַכ־לעסיקט. אַ רשעות מיט אַ ניט־פאַרגינערישקייט האָט אַרומגעכאַפּט דאָס דאָרף. עס האָבן זיך אָנגעהויבן גנבות.

אַמאָל זענען אין אָטשערעטניע געווען צוויי גנבים — אַזוי האָבן דערציילט די, וואָס האָבן פאַרגעסן אַמאָליקע צרות — איינער אַ פערד־גנב און דער אַנדערער, אַ קאַמער־גנב. אָבער אפילו די איינציקע צוויי האָבן דאָס אייגענע דאָרף ניט אָנגערירט, — נאָר זייערע גנבות געמאַכט אין אַנדערע דערפער, אָבער גאָר — אויף די שטאָטישע יאַרידן. איצט אָבער האָט מען גע׳גנב׳עט איינער ביים אַנדערן! און אויף וואָס האָט מען זיך געקוואָפּעט? (געכאַפּט, געזוכט אַריינצוכאַפּן) אַ פּעלץ, אַ סוויטע, (אַ ברייטער פויערישער געוואַנטענער מאַנטל) אַ

פאַר פוישטן, אַ ביסל תבואה אפילו איז שוין אויך געוואָרן אַ קרן...
די גנבים איז שווער געווען צו כאַפּן, ווייל דער וואָס איז היינט באַ־גנב׳עט געוואָרן, האָט אויף מאָרגן גע׳גנב׳עט ביי זיין שכן.

נאָר איין אָרט איז נאָך געווען אין דאָרף, וואו ס׳איז געווען שווער צוצוטרעטן: דאָס איז געווען דעם פּריץ׳עס גוטס. צו זיינע פריער־דיקע שומרים האָט ער צוגעשטעלט נאָך עטלעכע און דערצו האָט ער זיי נאָך אויף באַנאַכט באַוואָפנט מיט ביקסן. מען האָט אפילו געשמועסט, אַז די ביקסן זענען ניט קיין אָנגעלאָדענע, אָבער מורא געהאַט האָט מען דאָך, ווייל דעם קלאַנג וועגן פוסטע ביקסן האָבן לצים אַרויסגעלאָזט און ערנסטע מוזשיקעס האָבן זיך ניט געוואָלט צו זיי צוהערן.

דאָס באַוואָפענען די פריצישע שומרים האָט אַרויפגעפירט די אַטשע־רעטניער פּויערים אויף אַ געדאַנק, אַז מען דאַרף זיך אויך באַוואָפענען און דעריבער האָט מען אין די טירן אַריינגעשרויפט צו עטלעכע קליאַמקעס און צוקאָפּנס איז געלעגן אַ האַק אויף יעדן פאַל.

אויך מאַקאַר האָט זיין האַק געהאַלטן לעבן זיך ביים שלאָפן. אַלע מאָל, איידער ער איז געגאַנגען שלאָפן, האָט ער זיך באַשוואוירן, ער זאָל ניט פאַרשלאָפן קיין אומגליק. ער זאָל הערן ניט נאָר ווען מען גייט אים באַגנבענען,—נאָר ער זאָל אויפכאַפּן דעם קלאַנג פונעם גנב׳ס טריט, ווען יענער וועט גיין צו זיין שכן.

ער איז אָבער אַלע מאָל פאַרשלאָפן די שכנ׳ישע גנבות און ווען ער איז גאַנצפרי אַרויס צום טויער, האָט אים אַ שכן אָנגעזאָגט אַ בשורה וועגן אַ דערבייאיקער גנבה. מאַקאַר האָט געזאָגט צו דער ווייב:

— דו ווייסט, דער שלאָף איז מיין גרעסטער שונא!

— באַלאַקאַיעש (אין דעם געגעבענעם פאַל: פּלאַפּלסט) האָט זי אים געענטפערט. — די זיסטע מתנה פון גאָט נעמסטו אָן ווי אָן אומגלייביקער!

— נו, זע — האָט ער אַרגומענטירט — אָט שלאָף איך, און ביים שכן, צוויי שפאַן פון מיר, איז אַ גנבה, און איך הער ניט... היינט ביים שכן און מאָרגן — ביי מיר. איך וועל דאָך דאַמאָלט אויך גאָר־ניט הערן! שיין וועט עס זיין, ווען איכ׳ל זיך אויפכאַפּן גאַנצפרי און דער שכן וועט מיך פרעגן, צי ווייס איך וואָס ביי מיר האָט זיך היינטיקע נאַכט אָפּגעטאָן...

— אַ ניט דערלעבן וועט עס קומען — האָט זיך מאַקאַריכע געכאַפּט צלמען.

— איז טאָקע בעסער — האָט מאַקאַר געזאָגט — בעטן ביי גאָט, ער זאָל צונעמען ביי מיר דעם שלאָף, ביז די סומאַטאָכע וועט אַריבער.

— באַלאַקאַיעש — האָט אים די ווייב דערויף מיט פאַראַכטונג געענטפערט — ס'עט דיר אַלץ גאָרניט העלפן!

מער האָט זיך מאַקאַר מיט דער ווייב ניט געוואָלט שפּאַרן. ער האָט אין דער אָונטיקער תפילה צוגעגעבן פון זיך אַ פּאָר ווערטער: „...דו, גרויסער, באַרמהאַרציקער גאָט, אונדזער פאָטער, וואָס האָסט מיר מיט אַ מילדער האַנט געשענקט שלאָף, — וועסטו אים איצט ביי מיר צונעמען און דערפאַר זאָל דיין נאָמען זיין געבענטשט אויף אייביקע אייביקייטן, אָמן!"

אָפּגעזאָגט די תפילה, מיט פולן גלויבן אַז גאָט האָט אים דער־הערט, האָט זיך דער פויער געלייגט שלאָפן.

עס איז שוין געווען אַ פּאָר שעה אין דער נאַכט. מאַרטאָכע און די קינדער זענען שוין לאַנג געשלאָפן. מאַקאַר האָט זיך איינגעמאָס־טעט אין דער שטרוי און — קעגן זיין געוואוינהייט — זיך געלייגט מיטן פּנים אַרויף. ער האָט געקוקט אין דער שוואַרצער פינצטערניש אַריין. זי האָט זיך געשפּאַרט פון אַלע ווינקעלעך און ביי די קליינע פענצטערלעך אַרויסגעקוקט מיט אַ שטילער פּראָסטיקער בלאָלעכקייט.

עס האָט אים געצויגן זיך איבערצודרייען מיטן פּנים אַראָפּ און מיטן רוקן אַרויף, אָבער ער האָט זיך גובר געווען. ער האָט זיך איינגעהערט. עס איז געווען שטיל און שטיל. אין דרויסן האָבן עמיצנס טריט געסקריפּעט אויפן שניי און נאָכדעם, ווען דער סקריפּ האָט זיך שוין מער ניט געהערט, איז נאָך שטילער געוואָרן.

מאַקאַר איז געווען פאַרצווייפלט. ער האָט אָנגעהויבן איינצודרעמ־לען. ער האָט זיך אויפגעזעצט, זיך צוריקגעלייגט. אין קלויסטער האָט דער גרויסער, גראָבער גלאָק געקלונגען. דער אָבכאָדני (שומר) האָט געפייפט און עס איז נאָך שטילער געוואָרן ווי פריער.

מער האָט שוין מאַקאַר גאָרניט געהערט.

אויף מאָרגן האָט ער איבערגעחזר'ט די נייע תפילה, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן... און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער זיך אויפ־געכאַפּט פאַרטאָג, אויפגעכאַפּט פון אַן אומגעווײינלעכן גערויש. ער האָט זיך — נאָך איינגאַנצן אַ פאַרשלאָפענער — געטאָן אַ זעץ אויף און קוים אויפגעריסן איין אויג. געמיינט האָט ער, אַז דאָס איז זיין תפילה דערהערט געוואָרן און דער שלאָף האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן. „סלאַוואַ באָהן!" (אַ לויב צו גאָט) האָט ער שטיל געזאָגט און איינ־הערנדיק זיך אין דעם אומגעווײינלעכן גערויש, האָט ער אויסגעצויגן

די האַנט נאָך דער האַק. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און — אַ דער־שטוינטער — דערזען, אַז ס'איז שוין באַלד נאָך דער נאַכט. דורכן פענצטער האָט ער באַמערקט אַנגעפּעלצטע שכנים. ער האָט פאַר־געסן, אַז ער האַלט די האַק אין האַנט און אַרויס אין דרויסן.

קוזמאַ איז דאָ אויך געווען. זיין פּנים האָט זיך געבלייכט. די שטענדיק־לאַכנדיקע אויגן זענען אים געווען גרויס און קיילעכדיק. ער האָט דעם גוטן ברודער אפילו קיין „גוט מאָרגן" ניט געזאָגט. שכנים האָבן אָנגעהויבן צוקומען. פון וויטן איז שוין אָנגעלאָפן דער סטאַראָסטע... אַלעמענס אויגן זענען געווענדט צו דער וואַנט פון מאַקאַרס קאַמער... ערשט האָט מאַקאַר דערזען אַז די וואַנט איז ביי דער ערד דורכגעבראָכן.

ווען ער איז אַליין, הייבט ער אָן שרייען „געוואַלד", אָבער שרייען פאַרן פאָלק אין די אויגן, האָט מאַקאַר ניט געקענט. האָט ער אַלעמען געלאָזט שטיין און איז אַריין אין קאַמער.

ס'ערשטע האָט ער זיך געוואָרפן צום ווינקל, וואו עס איז געלעגן, איינגעדעקט מיט אַ ראָגאָזשע אַ קלעצל לייוונט...

ניט נאָר די לייוונט האָט געפעלט, — די ראָגאָזשע איז אויך ניט געווען. עס זענען אויך פאַרשוואונדן צוויי גרויסע, טשאַוואונעס באַניאַקעס און אַ דייזשקעלע געזייערטע קרויט.

מאַקאַר האָט געלאָזט פאַלן די האַק און זיך ווילד געוואָרפן פון ווינקל צו ווינקל, טאַפּנדיק אין דער פינצטער...

ער איז אַרויס אין דרויסן. די פּויערים האָבן אים באַגעגנט שווייגנדיקע און דערשראָקענע. עס האָט זיך דערהערט דעם סטאַראָס־טעס עזות'דיק קול:

—קראָזשאַ? (אַ גנבה) האָט ער געשריגן — קראָזשאַ? — זיין פּנים איז געווען רויט. די אויגן האָבן זאָט און אויסגערוט געקוקט אויף אַלעמען. עס האָט פון אים געטראָגן מיט ספּירט. קיינער האָט אים ניט געענטפערט.

פון דער שטוב האָט זיך דערהערט מאַרטאַכעס וויינען. באַלד האָבן זיך אויף דער מאַמעס געוויין אָנגערופן אויך די קינדער.

— טישאַ! (שטיל!) האָט דער סטאַראָסטע אַזאַ געשריי געטאָן, אַז עס איז שטיל געוואָרן און מען האָט שוין אַהער ניט געקאָנט מער הערן ווי די קינדער האָבן זיך אין שטוב געשטיקט מיט זייער געוויין. דער סטאַראָסטע האָט גערופן מאַקאַרן. יענער איז צוגעקומען און געשטאַנען, אַ שווייגנדיקער.

— וויפל זעק תבואה האָט מען ביי דיר צוגענומען? — האָט דער פאָרשטייער פון דער מאַכט געפרעגט דעם באַרויבטן.

מאַקאַר האָט געשוויגן.

— מען רעדט צו דיר? — האָט דער סטאַראָסטע דראָענדיק אַ הוק געטאָן.

מאַקאַר איז געשטאַנען און זיך ניט גערירט, נאָר איין אויג האָט ביי אים מאָדנע געפינטלט. דער סטאַראָסטע האָט אויפגעהויבן די בולאַווע.

— האָווארי! — האָט ער באַפוילן. (רעד!)

דאָ האָט זיך אָנגערופן סעמען סטאַרושקעוויטש, אַ מיטליאָריקער פויער מיט אַ רוסיאַווע אונטערגעשוירענער באָרד. ער איז געווען אַ באַרעדעוודיקער און אויף אַלע סכאָדקעס גענומען אַ וואָרט. ער איז שוין געווען אַ באַ׳גנב׳עטער און זיך געהאַלטן פאַרברידערט מיטן רויטן.

— אַ ווי — האָט ער געזאָגט — פּאַני סטאַראָסטאָ, נע קריטשיט נאַ ניאַהאָ אי נע ליאַקייטע יאַהאָ. (און איר, פּאַני סטאַראָסטע, שרייט ניט אויף אים און שרעקט אים ניט)

דער סטאַראָסטע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם שטעקן און אָנגעשטעלט זיינע בייזע, הערשערישע בליקן אויף סעמענען. סעמען האָט זיך דער־שראָקן, אָבער ער האָט ניט פאַרשוויגן און פאָרגעזעצט:

—...ער איז שוין גענוג דערשראָקן און געקריוודעט. מען דאַרף זען אַ מיטל, ווי אויסהיטן זיך פון דער מגפה, — און...

— און דו ביסט אַזאַ קלוגער? — האָט אים דער סטאַראָסטע איבערגעשלאָגן.

— איך — האָט סעמען געזאָגט — בין ניט מער, ווי אַ זינדיקער מענטש. איר זענט ביי אונדז די וולאַסט (מאַכט) און איר גיט אונדז די עצה.

— טישאַ! — האָט דער סטראָסטע באַפוילן — איך זאָג, אַז מען דאַרף ניט קיין שום עצות! מען דאַרף אויסזוכן די גנבים און זיי באַשטראָפן.

— גיי זוך דעם ווינט אין פעלד...—האָט עמיצער פונעם עולם זיך מיט חוזק אָנגערופן. דער סטאַראָסטע האָט אים ניט געהערט.

— מיר וועלן ניט דערלאָזן, אַז מען זאָל אונדז באַגנבענען! — האָט ער געשריגן. — קאָזאַקן וועלן מיר אַראָפּברענגען, פּאָליציייסקע הינט — און מיר וועלן זיי געפינען!

די פויערים האָבן געשוויגן און אויסגעמיטן צו קוקן דעם סטאַראָס־טע אין די אויגן, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז נאָך אַלע זיינע געשרייען, וועט ער גאָרניט טאָן... אָבער מיטאַמאָל האָבן אַלע זיך אָנגעשטעלט אויפן סטאַראָסטע, וואָס איז שוין אינגאַנצן רויט געווען פון שרייען.

—...עס וואָלט ניט געשאַדט — האָט ער אַלעמען אויפגערייצט מיט אַ נייעם געדאַנק — עס וואָלט ניט קאַליע געמאַכט אַ קוק טאָן אין קאַמער ביים יידישן פריינט, וואָס מוטיעט (קלויצעט) דאָס פאָלק... מען זאָל גיין און זען! — האָט דער סטאַראָסטע באַפוילן — און מען זאָל אים פאַרפעקלען אינאיינעם מיט אַלע מיאוסע יידן, ק טשאַרטאָווי מאַטיערי! (צום טייוולס מאַמען)

— אָט טאָ ווזשע נאַפּאַסט — נאַ טשעסנאַהאָ טשאָלאָוויקאָ! — (אָט דאָס איז שוין אַ בלבול אויף אַן ערלעכן מענטשן) האָט מאַקאַר געזאָגט.

— מאָלטשאַט!! — האָט דער סטאַראָסטע אויסגעשריגן און זיך פאַרמאָסטן מיט זיין גראָבן שטעקן אויף מאַקאַרן — דו ביסט שוין אויך מיט זיי?

מאַקאַר האָט זיך צוריקגערוקט.

— איך? איך? איך? — האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעפרעגט.

— דו, דו, דו! — האָט דער סטאַראָסטע אים אין טאָן געענטפערט.

דערווייל האָבן אָנגעהויבן צוקומען נאָך פויערים און מען האָט פון ווייטן באַמערקט אויך זאַכאַרענקאָן. דער סטאַראָסטע האָט אים אויך דערזען און נאָך העכער אָנגעהויבן צו שרייען:

—...אָט צו וואָס זיי האָבן דערפירט אונדזערע מענטשן, — אַז מען שאָנעוועט שוין אפילו ניט דעם אָרעמסטן, האָ? גאָטס רחמנות האָבן זיי פון צווישן דעם פּראַוואָסלאַווגע פאָלק פאַרטריבן, זשידי ניטשיסטיוווי! (יידן אומריינע!) איך וועל זיי מיטן קאָרען (וואָרצל) אויס־רייסן! קיין סיביר פאַרשיקן!!

זאַכאַרענקאָ איז צוגעקומען. די פויערים האָבן זיך איבערגע־קוקט. זיי האָבן דעם סטאַראָסטע ניט געגלייבט. קיינער פון זיי האָט אָבער ניט געהאַט דעם מוט צו שטעלן זיך אַקעגן און אַלע האָבן מיט האָפענונג געוואַרט אויף זאַכאַרענקאָן.

— אָט זלאָדי... (אָט איז דער גנב) האָט עמיצער מיט חוזק געזאָגט.

זאַכאַרענקאָ האָט אַלעמען אָפּגעגעבן אַ ברייטן גוט מאָרגן און געפרעגט:

— וואָס איז דאָ פאַר אַ געוואַלד?

— און דו פרעג ניט! — האָט דער סטאַראָסטע זיך אויף אים אַרויפגעוואָרפן — פריער מאַכט מען אַן סומאַטאָכעס און דערנאָך קומט מען נאָך צוגייין מיט עצות.

— איזוויניטיע — האָט זיך זאַכאַרענקאָ קאָמיש פאַרנייגט. אין עולם האָט זיך געטראָגן אַ פאַרשטיקטער געלעכטער. דעם סטאַראָסטע איז געוואָרן ענג.

זאַכאַרענקאָ האָט געזאָגט:

— אַלע זענען דאָ עדות, אַז דער סטאַראָסטע וויל ברענגען אויף מיר אַ בלבול.

דער סטאַראָסטע האָט געעפנט דאָס מויל און איינגעגראָבן די שכור׳לעכע אויגן אין זאַכאַרענקאָן. אָבער יענער איז ניט בטול גע־וואָרן פאַר מאַכט:

— איך בין ניט קיין זאַגראַניטשני, אַלע קענען מיך — האָט ער געזאָגט. — דעם סטאַראָסטע פאַרדריסט אויף מיר, וואָס איך זאָג דעם אמת אין די אויגן. יאָ, איך האָב געזאָגט און זאָג און וועל זאָגן דעם אמת דער גאַנצער וולאָסט! ליודי דאָברי (מענטשן גוטע!) — זאַכאַרענקאָ האָט געקוקט גלייך אין דעם סטאַראָסטעס פאַרצווייפלטע אויגן — ליודי דאָברי! מען גנב׳עט ניט פאַר תענוג! מיר זענען אויסגעגנישטשיעט (פאַראָרעמט) דעם ערלעכסטן טרייבט דער הונגער צו פאַרברעכן! פאַרוואָס גנב׳עט ניט דאַוויד? (דאַוויד איז געווען אַ בעל גוף) פאַרוואָס גנב׳עט ניט קאָסאַי? (אַ רייכער) פאַרוואָס גנב׳עט איר ניט? — האָט ער זיך געווענדט צום הויפט פון דאָרף, — מחמת איר האָט ברויט אויף ברויט... אַ גנב דאַרף מען באַשטראָפן... אָבער מאַקאַר וועט דערפון זאַט ניט ווערן, ניט ער און ניט די אַנדערע, ביי וועמען מען האָט צוגענומען דאָס לעצטע קלומעקל מעל און קלייען פון דער קאָמער... ליודי דאָברי! עס איז דאָ איין גרויסער גנב, וואָס האָט אונדז אַלעמען באַ׳גנב׳עט, אָבער אים קענען מיר גאָרניט טאָן... און איצט, ליודי דאָברי, איז מיין עצה: איר קאָנט אייך זוכן די גנבים, איר קאָנט אויך גיין צו מיר זוכן, מיין טויער איז ניט פאַר־שלאָסן, — אָבער זאָל יעדער איינער פון אונדז דאָ זיך דערמאָנען, וואָס הונגער איז און — ווער עס האָט נאָר, זאָל געבן אַ שיסל מעל...

זאַכאַרענקאָ האָט געוואַרט.

די פויערים האָבן געשוויגן. דער סטאַראָסטע איז אויפגעשפרונ־גען.

—ראַספּאַריאַדיטיעל! (שאַלאַטן־שמש) האָט ער אויסגערופן. — האָט זיך אָנגענומען מיט יידישער חכמה? נעמסט זיך אַן פּאָר גנבים? ליודי דאָברי! — האָט ער אַויסגעשריגען אַזוי הויך, ווי ער האָט גע־קענט — ער נעמט זיך אַן פּאָר גנבים.

עמיצער פונעם עולם האָט עפּעס געזאָגט, אָבער דער באַלעבאָס פון דאָרף האָט אַזוי געשריגן, אַז מען האָט גאָרניט געקענט הערן, חוץ זיין ברייטער, הייזעריקלעכער שטים.

— דעסיאַטסקיע! — האָט ער אָפּיציעל באַפוילן. — מאַרש איבער אַלע הייזער פון אונדזער דאָרף! אפילו מיין שטוב זאָלט איר ניט פאַרפעלן! — האָט דער סטאַראָסטע אויסגערופן און טריאומפירנדיק געקוקט אויף זאַכאַרענקאָן, וואָס איז געשטאַנען ביי דער זייט פון געזעמל, אַ שווערער און אַ שטאַרקער. — מאַרש! — האָט דער סטאַ־ראָסטע אַנטגילטיק באַפוילן — פּאָ דאָמאָם! (איבער די הייזער)

דער עולם איז זיך, ניט ווילנדיק, צעגאַנגען.

זאַכאַרענקאָ האָט געפּרואווט די פויערים פאַרהאַלטן, אָבער זיי האָבן ניט געוואָגט. ער איז צוגעגאַנגען צו מאַקאַרן, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן הויף, אַ צעטראָטענער, ווי דער וויסער, צעטראָטענער שניי אונטער די פויערישע שטיוול און פוישטן. זאַכאַרענקאָ איז צוגעקומען צו מאַקאַרן און געזאָגט:

— מילי טשיעלאָוויעק (טייערער מענטש) שטאַרק זיך, איך לויף דיר שוין ברענגען אַ ביסל מעל.

ער האָט אַ קוק געטאָן צו מאַקאַרס שטוב און דערזען, אַז אַלע דריי קליינע פענצטער זענען באַקלעפּט מיט פאַרוויינטע קינדערשע פּנים׳ער און מאַרטאָכעס קול האָט זיך איצט, אין דער שטיל־געוואָרענער אַרום־קייט געטראָגן מיט אַן אויסגעצויגענעם געוויין.

# קאַפּיטל פינף און דרייסיק

דער בייזער ווינטער האָט מיט זיינע שנייען און פרעסט פאַרקאָוועט אָטשערעטניע, רייקי און אַנדערע דערפער אַרום מיט אַ שווערער, פאַרגליווערטער, אייזיקער פעל.

אָרעמע פויערים און דאָרפישע אָרעמע יידן האָבן שוין דאָס לעצטע ביסל מעל אויסגעבאַקן, דאָס לעצטע ביסל קאַרטאָפל אויפגעגעסן. עס איז געקומען דער שוואַרצער הונגער און אויפגעפרעסן קליינע קינדער אין די וויגן און אפילו דערוואַקסענע „זוואַלעט״ (אומגעוואָרפן) פון די פיס. פון פיסנע מאכלים (אָן פעטס) האָבן כמעט אַלע באַקומען קוראַטשאַ סליפּאָטאַ (הינערשע בלינדקייט) און אפילו די ליכטיקע זונשיין האָט די דאָרפסמענטשן ניט געקענט דערפרייען. מען איז געזעסן פאַרשפּאַרט אין די ניט־געהייצטע הייזער און זיך איינס ס'אַנדערע געפּרואווט דערוואַרעמען. אפילו אין די זונטיקס איז מען אין די קלויסטערס ניט געגאַנגען, און נאָר אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד אַ פאַרשטאָרבענעם שכן, אָבער אַ קרוב איז מען געלאָפן, ווי אויף אַ פאַהיבעל (אַ בייז וואונדער, אַן אומקומעניש).

בייטאָג איז אָטשערעטניע געווען שטיל. אפילו אין די פאַרנאַכטן האָט דער גרויסער משופּע׳דיקער באַרג געפּוסטעוועט. באַזונדער שרעקלעך זענען געווען די ווינטיקע נעכט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די ווינטן באַוויינען די טויטע.

די גלייביקע פויערים האָבן זיך געטרייסט: עס איז ניט דער ערשטער ווינטער. אונטער די דיקע, שווערע, פאַרגליווערטע שנייען ליגט אַ שוואַרצע, פאַרזייטע ערד. וועט קומען גאָטס ליבער, וואַרעמער פרילינג, — וועלן די שנייען פאַרוואַנדלט ווערן אין באַפרוכפּערנדיקע וואַסערן; די ערד וועט אָפּגיין און זיך באַצירן מיט די ערשטע צאַרטע תבואה־שפּראָצונגען און, אַז גאָט וועט געבן רעגן, וועט זיין ברויט. דערוואַקסענע מענטשן, וואָס גלייבן אין גאָט, האָבן געהאָפט און זיך געשטאַרקט, אָבער קינדער האָבן פון אַזוינע זאַכן, ווי גאָט און האָפענונג, ניט געוואָלט און ניט געקענט וויסן. קינדער האָבן געוואָלט

עסן און קיין עסן איז ניט געווען, — האָבן זיי כסדר געוויינט. און זייער געוויין האָט זיך דורך די געפּרוּווירענע ווענט געריסן אין דרויסן אַרויס און געהאַנגען איבערן דאָרף מיט אַ שטענדיק־קלאָגעדיקן געברום. פּאַטערס האָבן זיך, בייזע פּאַרמאָסטן מיט די שוואַרצע, טרוקענע פויסטן צו די וויינענדיקע קינדער און אפילו געשלאָגן; מוטערס האָבן די קינדער געפּרוּווט איינגעמען, אָבער די קינדער האָבן ניט אויפ־געהערט צו וויינען. דאַמאָלט איז געקומען דער טויט און זיי איינ־געשטילט.

דער טויט האָט געוואָלט צונעמען אַלע קינדער ביי זייערע מאַמעס, אָבער דאָ איז געקומען דער פרילינג, די פריצישע עקאָנאָמיע האָט זיך געעפנט, דער פּריץ האָט געגעבן אַרבעט, די קינדער האָבן באַקומען ברויט און זיי זענען געבליבן ביי זייערע מאַמעס.

די גאָטספּאַרכטיקע האָבן געדאַנקט גאָט פאַרן גרויסן חסד, וואָס ער האָט מיט זיי געטאָן. זיי האָבן ניט פאַרגעסן די רייכע פּויערים און דעם רייכן גוטן יידן און אויך דעם פּריץ, וואָס האָט זיי אין אַ נויט געהאָלפן און זיי געליען אויף ברויט. און איצט, אַז די שנייען זענען פון די פעלדער אַראָפּ און מען האָט זיך באַדאַרפט נעמען צו דער פרילינג־אַרבעט, — זיינען די אָרעמע פאַרבאָרגטע פּויערים געלאָפן גאַנצע טעג אַרבעטן און אָפּאַרבעטן ביי די בעלי־טובות די חובות. אייגענע גערטנער האָבן זיי באַאַרבעט אין די פאַרטאָגן און אויך אין שפּעטע אָוונטן, קומענדיק פון דער אַרבעט ביי יענעם.

אַזוי אויך אונדזער מאַקאַר קושטש, — אַבי ער האָט זיך דער־וואַרט אויפן פרילינג איז ער אַוועק צו אַרונען, צום גוטן יידן, וואָס האָט אים אויף ברויט עטלעכע מאָל געליען און באַטראַכט דעם גרויסן גאָרטן הינטער דער יידישער שטוב. מאַקאַר האָט געפּרוּווט די ערד און אויס־גערעכנט, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער זי שוין קאָנען צעאַקערן. ער איז אַריינגעגאַנגען צו אַרונען אין שטוב און אים דערציילט וועגן דעם. ער האָט אים אויך אָנגעזאָגט צוצוגרייטן אַלץ, וואָס מען דאַרף, אויף צו פאַרפלאַנצן די גוטע גאָרטן־געוויקסן.

ר׳ אַרון האָט פריינטלעך אויסגעהערט מאַקאַרן און אים געלויבט, וואָס ער איז אַזאַ ערלעכער מענטש און האָט אין זינען אָפּצוגעבן אַ חוב.

— און זריעה — האָט ר׳ אַרון געזאָגט — האָב איך שוין פאַר־גרייט, עס זאָל נאָר זיין כוח און חשק צו אַרבעטן.

— חשק—האָט מאַקאַר געזאָגט—איז דאָ און כוח וועט גאָט געבן.

— אַזוי, אַזוי — האָט ר׳ אַרון צופרידן אונטערגעהאַלטן מאַקאַרן
— אַבי דו גלייבסט אין גאָט, וועט ער דיר שטענדיק העלפן.

מאַקאַר האָט עפּעס געוואָלט זאָגן און ניט געקענט. ער איז געווען דערשלאָגן, אויסגעצויגן לאַנג און אָפּגעצויגן. זיין רויטע באָרד איז געווען אָפּגעליניעט (געביטן דעם קאָליר און אַ ביסל אויסגעקראָכן) די האַלב־בלינדע אויגן ווי קיינמאָל ניט אויסגעשלאָפענע און איינ־גאַנצן האָט ער אויסגעזען, ווי ער וואָלט איבערן ווינטער אָפּגע־שלאָפן אונטערן שניי און איצט, ווי אַ הונגעריקער, רויטער בער, אַרויס אויף דער ווייסער, ליכטיקער וועלט נאָך שפּייז.

ער איז געשטאַנען פאַרן יידן און פּרובירנדיק צונויפנעמען זיינע פאַרלעגערטע געדאַנקען. עפּעס געמרוקעט. ער האָט געוואָלט ענטפערן דעם יידן אויף די גוטע ווערטער.

— גלויבן — האָט ער שווער אַרויסגעבראַכט יעדער זילבע — געגלויבן, הייסט עס, גלויב איך, דערויף בין איך אַ פּראַוואָסלאַוונע, אָבער גאָט — מאַקאַר האָט אַן האָפּענונג צענומען די לאַנגע אָרעמס — גאָט העלפט מיר ניט! ער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט איבערן פאַרשמאָלציעוועטן פעלץ. — קינדער פון הונגער געשטאָרבן. איצט זענען צוויי קראַנק... גאָט... גאָט האָט אַן אונדז, מוזשיקעס, פאַרגעסן; מיר זענען ניט שיין אין זיינע אויגן. ער קוקט ערגעץ אַנדערש און זעט אונדז נישט... שלעכט! — מאַקאַר האָט אָפּגע־זיפצט און צוגעגעבן: — דאַברע טילקאָ זשידאָם אי פּאַנאַם. (גוט איז נאָר די יידן און די פּריצים)

אַרון האָט זייער באַדויערט מאַקאַרן און געזאָגט:

— נאָר ניט זינדיקן! גאָט דאַרף מען פאָלגן און אָננעמען אַלץ, וואָס ער טוט אין אונדז, פאַר ליב.

מאַקאַר האָט שוין געפונען דעם כוח הדיבור און אָפּגעענטפערט:

— קעפּסקאָ, פּאַני! (שלעכט, פּריץ) אַז גאָט האָט אַן אונדז פאַר־געסן, קען אונדז שוין קיין מענטש אויך ניט העלפן — ער האָט זיך פאַרהאַקט — ניט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן... וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן?... נו, וואָס איז דער חילוק? — ער איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל. — האַ? — האָט ער איבערגעפרעגט און געקוקט אויפן יידן. ער האָט זיך באַלעקט מיט אַ שווערער, ווייסער צונג. ער האָט שלעכט געזען, האָט ער זיך געמיט ברייטער אויפצו־עפענען די קראַנקע אויגן, אָבער עס איז אים ניט געוואָרן ליכטיקער. „געלט! געלט!" האָט ער געטראַכט. דעם יידנס אויגן האָבן אים אויסגעזען, ווי צוויי גלאַנציקע מטבעות און דורך זיי האָט ער דערזען

דעם יידנס גרויסן גאָרטן. ביי דער טאָכטער אויפן וואָקזאַל, שוין באַלד דאָס גאַנצע געהאַלט אירס פאַרן יאָר אַרויסגעשלעפּט... בעטן געלט, בעטן, צי — ניט בעטן?... ער האָט זיך פאַרגעשטעלט זיין שטוב, דעם פינצטערן, אויסגעהוילטן אויוון און די ליידיקע, פאַר־שעמטע טעפּ.

— פּאַ־פּאַני! — האָט מאַקאַר מיט איין מאָל אויסגערופן — נאָך דאָס מאָל! ביים הייליקן צלם, דאָס איז שוין דאָס לעצטע מאָל!

אַרון האָט אים פאַרשטאַנען און געזאָגט:

— הע, דו מיינסט דאָך, אַז איך בין רויטשילד... איך האָב אַליין ניט. איך האָב זיך פיינט צו שווערן, אָבער גלייב מיר, איך האָב ניט!

מאַקאַר האָט אים ניט געגלייבט. ער האָט געקוקט פאַרצווייפלט אויפן יידן און געזאָגט:

— איך וועל זיך באַלד אויסציען אין אייער שטוב. נאָכדעם וועט איר מעגן איינשפּאַנען אין מיר אַ פּאָר פערד און מיט מיר אויס־אַקערן אייער גאָרטן.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס רעדסטו? — האָט זיך ר׳ אַרון דערשראָקן. — אָבער איך האָב ניט! וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב ניט?

— נו, פּרימערנאָ (למשל) — האָט מאַקאַר אָנגעהויבן. — איר שפּאַנט איין אַ הונגעריק פערד און איר הייסט אים שלעפּן, וועט ער גיין? ניין, ער וועט פאַלן! נו, וועט איר אים שלאָגן, וועט ער אויפ־שטיין און — ווידער פאַלן. און פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס דער בויך איז ביי אים ליידיק, אָס שטשאָ! (אָט וואָס) איר, פּאַני אַרען, גיט מיר בעסער נאָך אויף איין פּודיקעל מעל, וועל איך קומען מיט מיין ווייב־און־קינדער און מיר וועלן אייך אָפּאַרבעטן, ביים הייליקן צלם, אָפּאַרבעטן! אלא ניט, וועלן מיר אויספאַלן, ווי די פליגן, און אייער גאָרטן וועט בלייבן ניט געאַקערט און ניט פאַרזייט.

— אָבער גאָט איז מיט דיר — האָט ער געזאָגט — וויפל דאַרפ־סטו?

— איין פּודיקל קאָרן, איין איינציק פּודיקל!

אַרון האָט זיך פאַרטראַכט, אַרויסגענומען דעם גרויסן, לעדערנעם בייטל פון דער קעשענע, געזוכט אין אים און אָנגעהויבן אַרויסצו־באַקומען פון זיין טיפעניש פריער איינציקע קאָפּיקעס, נאָכדעם — פירערס, נאָכדעם — זעקסערס, נאָכדעם — ווידער קאָפּיקעס... ער האָט דאָס מינץ אויסגעלייגט אויפן טאָפּטשאַן אין קופּקעלעך, צען

קאָפּיקעס אין קופּקעלע, פיר אַזעלכע קופּקעלעך און פאַרצווייפלט געזאָגט:

— נו, נעם... נעם צו ביי מיר דאָס לעצטע, אָבער ווייס, אַז דאָס איז דאָס לעצטע.

מאַקאַר האָט קאָסע געקוקט אויפן געלט און אַזוי געזאָגט:

—אַך, ווען איך האָב כאָטש איין באַניאַטשאָק פול מיט דעם געלט! אַזוי, פאַני אָרען, וועל איך עס באַלד אָוועקטראָגן צום הויטשינדער צו דעם בעזדיטניק (קינדערלאָזן) וואָס זאַמלט געלט פונעם רוח׳ס וועגן און... העך, האָספּאָדי, האָספּאָדי!...

מאַקאַר האָט פאַרנומען דאָס געלט און, אַ דערמוטערטער, אַוועק אַהיים.

# קאַפּיטל זעקס און דרייסיק

אין די טיפע יאַרן אַרום אַטשערעטניע און אין די ריוועס אַרום די גערטנער זענען נאָך אַלץ געלעגן שטיקער שניי. די פּאַרפרוירענע ערד איז שוין אינגאַנצן אָפּגעגאַנגען און געאָטעמט מיט אַ פעטער, זיסלעכער פּאַרע. זי איז נאָך געווען קאַלט, אָבער אַטשערעטניער קליינוואַרג איז שוין אומגעלאָפן באַרוועס איבערן זוניקן אינדרויסן און פאַרהילכט די פרילינג־לופט מיט געפילדער און געזאַנג.

פון דרום האָבן זיך איבערן דאָרף געצויגן טשאַטעס פויגלען. אויף די לעוואַדעס האָבן זיך באַוויזן טשאַרנאַהוזן (שטאָרכן) זייערע לאַנגע פיס און שנאָבלען זענען געווען אַזוי רויט, אַז עס האָט אויסגעדאַכט, ווי זיי וואָלטן שטענדיק געברענט.

עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע לירניקעס מיט די גרויסע טאָרבעס, אַריבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען. זיי האָבן געשפּילט טרויעריקע ניגונים, געזונגען וויינענדיקע לידער, זיך געבעטן, אָבער דאָס פאָלק האָט זיי געלאָזן גיין מיט ליידיקן. האָבן די בעטלער געשאָלטן און געגאַנגען ווייטער.

נאָך די בעטלער זענען נאָכגעגאַנגען אַ סך קינדער. זיי האָבן געקוקט אויף די בלינדע און אויף די קרומע און נאָכגעמאַכט זייערע פאַרקריפּלטע גענג. דערוואַקסענע האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן די זינגענדיקע בעטלער. מענער האָבן פאַרביסן געשוויגן און פויערטעס האָבן אויפן קול געוויינט, אָבער זיי האָבן די בעטלער גאָרניט געשענקט, מחמת זיי האָבן אַליין אויך ניט געהאַט, וואָס צו עסן.

און אָט האָט זיך איינמאָל אין פרילינג פאַרנאַכט באַוויזן אַ בעטלער אין שוואַרצע ברילן.

ער האָט, ווי אַלע אַנדערע בעטלער, געטראָגן צוויי גרויסע טאָרבעס, אַריבערגעוואָרפן איבערן אַקסל און געשפּילט אויף אַ לירע, אָבער ער איז דאָך ניט געווען ווי אַלע אַנדערע שלעפּער: ערשטנס, האָט ער געטראָגן אינגאַנצן שוואַרצע ברילן און, צווייטנס, האָט ער,

אַ חוץ קלויסטער־לידער, געזונגען אַ ניי ליד, וואָס איז כדאי צו געדענקען...

אַ מאָגערע מיידל פון אַ יאָר פופצן האָט אים געפירט ביי דער פאָלע. ער האָט איר הכנעה'דיק נאָכגעשפּאַנט, זיך אַלע מאָל אָפּגעשטעלט און געזונגען. קיין מעל און קיין סוכאַרעס (אַלטע, פאַרטרוקנטע שטיקער ברויט) האָט מען אים אויך ניט געגעבן, אָבער ער האָט ניט געשאָלטן. ער האָט געזאָגט:

— אָבי איר ווילט גיבן, וועט אייך שוין גאָט העלפן, אַז איר זאָלט זיין געבענטשט מיט אַלעם גוטן און איר זאָלט קיינמאָל פון קיין שלעכטס ניט וויסן.

ער איז דורכגעגאַנגען לעבן דער שטוב פונעם רייכן דאַווידן. די דאַווידעכע איז אַרויסגעקומען מיט אַ שיסל מעל. דער בעטלער האָט די מעל צוגענומען און ניט באַדאַנקט... דער עלם האָט דערשטוינט באַטראַכט דעם אויסערגעוויינלעכן בעטלער. ער האָט, ווייזט אויס, דערפילט אַלעמענס שטוינונג. ער האָט זיך האַסטיק אָנגעהויבן צלמ'ען און זינגען קלויסטער־לידער.

די דאַווידעכע האָט זיך פאַר די פויערים פאַרשעמט און איז אַריין אין איר שטוב. דער בעטלער האָט איבערגעריסן זיינע הייליקע געזאַנגען און אָנגעהויבן אַזוי

גאָטס צאָרן איז זייער גרויס,  
אָבער דאָס פאָלקס צאָרן איז נאָך גרעסער:  
אַז ס'ע גייען קינדער פון הונגער אויס,  
שטרעקט די האַנט זיך נאָך אַ מעסער.  
גאָט האָט געגעבן די רייכע די וועלט,  
אַלדאָס גוטס איז נאָר פאַר זיי,  
און ביים אָרעמאַן טרוקנט דאָס פעלד,  
שטאַרבט ער פון הונגער, איז אים ווינד און ווי!  
העי, מיין פאָלק, שטיי אויף, וואַך אויף!  
גענוג האָט שוין דער פאַן דיין ליב געשמיסן!  
נעם צונויף דיין גאַנצן כוח  
דיין שכל און דיין חכמה און דיין וויסן,  
נעם צונויף דיינע שטאַרקסטע זין,  
זאַמל איין דיינע בראַווסטע מענער, —  
צעהאַרגעט, צעברעקלט דעם שונא, דעם רייכן  
און זאָל אייך גאָט העלפן, אָמין, אָמין!

דער בעטלער האָט זיך געצלמ׳ט, איבערגעכאַפּט מיט אַ צער־קאָוונע ניגון און ווידער גענונגען אַ ניי ליד:

אַ שפּין זויגט אויס די שוואַכע פליג
און דער פּאַן נאָגט אויס דעם פּויער, —
לאָמיר־זשע אַלע גיין אין קריג
אויפן פּריציש רייכן מויער!
די פּריצים שמייסן אונדזערע לייבער,
די פּאַנעס שענדן אונדזערע ווייבער, —
און מיר, אַ סטאַדע שאָף צעזייטע,
און מיר, אַ טשערעדע ציגן צעשפּרייטע.
עס קומט דער טאָג, ער גייט, ער קומט
און וואַרט אויף אייך, איר זאָלט דערוואַכן;
עס קומט דאָס פאָלק, עס גייט, עס קומט,
עס וועט דערוואַכן, עס וועט דערוואַכן!
צעטראָטן גראָז קען ניט וואַקסן
דעם פּאַנס שטיוול אויף אייערע קעפּ.
דערהויב דעם קאָפּ, מיין צעטראָטן פאָלק!
וואַקס אַרויס פון אונטער רעגן־קלעפּ!
נעם צונויף דיינע בראַווסטע מענער!
זאַמל איין דיינע שטאַרקסטע זין!
צעהאַרגעט, צעברעקלט דעם שונא, דעם רייכן
און זאָל אייך גאָט העלפן, אָמין, אָמין!

עס איז געווען פאַרנאַכט. די זון האָט זיך שוין געהאַט גענעצט. דער בעטלער האָט פאַמעלעכן געשפּאַנט איבער דער שטילער, פאַר־נאַכטיקער גאַס און אַרום האָבן געשפּאַנט און נאָכגעשפּאַנט פּויערים און פּויערטעס און זייערע קינדער. זיי האָבן פאַרגאַפּטע און דער־שטוינטע באַטראַכט דעם אומגעווינלעכן בעטלער מיט אַזאַ געפיל, וואָס זיי האָבן נאָך קיינמאָל אין האַרצן ניט געטראָגן, האָבן זיי געהערט דאָס נייע, דאָס אויסערגעווינלעכע ליד, וואָס האָט אי געריסן דאָס שווערע פּויערשע האַרץ אי עס געשטאַרקט.

מען האָט זיך אומגעקוקט אויף דער גרויסער שטוב מיטן גריך־געפּאַרבטן דאַך. פון יענעם זאַטן, געראַמטן הויף האָט ערשט דאַווידיכע אַרויסגעטראָגן אַ פולע שיסל מעל... אויפן צווייטן ווינקל האָבן זיך אַרויסגעזען נאָך צוויי בלעכענע, רויט־געפּאַרבטע דעכער פון צוויי בעלי־גופים. פון יענער זייט בריק האָט, אויפן באַרג, פון צווישן די

נאָך ניט־באַבלעטערטע גרויסע ליפּעס שטאָלץ און עזות׳דיק אַרויס־געקוקט דעם פּריצ׳עס העל־ווייס געפּאַרבטער הויף מיטן טונקל־רויטן טשערעפּיאַנע דאַך. פון איין זייט, איבערן וועג, צום וועלדל צו, זענען די פּילע געמויערטע געבײדעס, די מאָדערנע שטאַלן פאַר פערד און קי און די מאַלאַטשנעס. און פון דער אַנדערער זייט הויף, צום פעלד צו, האָבן זיך ברייט אַרויסגעשטעלט גרויסע שווערע סטערטעס שטרוי און באַלד, לעבן די סטויגן שטרוי האָבן זיך אָהער געזען די לאַנגע קלוניעס מיט די געמויערטע מאַגאַזאַנען און פון יענער זייט מאַגאַ־זאַנען איז געווען דאָס פּריצישע פעלד... און באַלד ווי דעם אַטשע־רעטניער פּריצ׳עס פעלד האָט זיך געענדיקט, שטייט אַ פיגור פון אַ פּוילישן הייליקן, וועמען אַלע רופן „פּאַן יאַן". דאָרט איז דאָ אַ לאַנגער, אויף ווערסטן־לאַנגער ריוו און פון יענער זייט ריוו געפינט זיך שוין דאָס פעלד פון אַן אַנדער פּריץ. די אַטשערעטניער פּויערשע פעלדער ליגן אַלע פון דער אַנדערער זייט דאָרף, אין קליינע, שמאָלע ווירעס... אַלע ווינטער הונגער, אַלע ווינטער טויט.

די פּויערים האָבן באַגלייט דעם אויסערגעוויינלעכן בעטלער ביזן קאַלוואַראַט. מאַקאַר האָט אים אַנגעיאָגט און געבעטן:

— גוטער מענטש, געטלעכער מענטש! איך האָב אַ פּרייע שטוב. קום, נעכטיק ביי מיר. איך בין אָרעם און קיין ברויט איז ביי מיר ניטאָ, אָבער דו האָסט אַ שיסל מעל, — וועסטו שוין מיט דיין באַגליי־טערין פון הונגער ניט שטאַרבן.

האָט דער בעטלער באַדאַנקט מאַקאַרן און זיך נידעריק געבוקט פאַר אַלע, וואָס האָבן אים אַרומגעשטעלט. ער האָט געזאָגט, אַז ער מוז גיין אין נאָענטסטן דאָרף אַריין. און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן; ער האָט פאַרמאַכט די לירע, גענומען דאָס מיידל אונטערן אָרעם און ביידע זענען אַוועק מיטן שטילן, טונקעלן וועג.

## קאַפּיטל זיבן און דרייסיק

גאַנץ אַטשערעטניע האָט גערעדט פונעם אויסערגעוויינלעכן בעט־לער מיט די שוואַרצע ברילן. מען האָט געפּרואווט נאָכזינגען זיינע נייע לידער, אָבער קיינער האָט זיי ניט געדענקט. אַלע האָבן אָבער אין זינען געהאַט דעם זעלטענעם פאַרגלייך אין דעם ליד וועגן דער שפּין מיט דער פליג.

און דער סלוך (נייס) וועגן דער געשעעניש איז דערגאַנגען ביז צום אַטשערעטניער פּריץ אַליין. ער האָט געשיקט רופן דעם סטאַ־ראַסטע און פּאַווליוקן און זיי געגעבן אַן אויסרייד, פאַרוואָס זיי האָבן ניט פאַרהאַלטן דעם „זשיד״.

— „דעם זשיד???!!״

ביידע פּויערים זענען, פאַרגאַפּטע, געשטאַנען פאַרן פּריץ און שוין פון פריער אַנגעשראָקענע און צעטומלטע — זענען זיי אַצינדערט נאָך מער מבולבל געוואָרן און ביידע אין כאָר אַ צווייטן מאָל איבער־געפרעגט: „דעם זשיד??!״

דער פּריץ האָט געהאַלטן פאַר אומווירדיק זיך אַריינצולאָזן מיט פּויערים אין אַ וויכוח און איבער׳חזר׳ן צווי מאָל אַ וואָרט איז פאַר אַ פּריץ געווען אַ דערנידערונג. ער האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו זיינע צוויי דינער און אַוועק אין די פּאַקאָיעס. דער סטאַראַסטע מיט פּאַווליוקן זענען געבליבן שטיין און אים נאָכגעקוקט. ביים הויפּט פון דאָרף זענען די קליינע אויגן געוואָרן קיילעכדיק, ווי ביי אַ פיש. פּאַווליוק האָט זיך אַ פּיק געטאָן מיט אַ פינגער אין שטערן און געזאָגט:

—„זשיד!״

— זשיד, זשיד — האָט דער סטאַראַסטע מאַשינאַל נאָכגעזאָגט. זיי האָבן נאָך אַ ווײַלע געוואָרט. דעם פּריץ האָבן זיי שוין מער ניט געזען און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין מיטן דאָרף.

— פּראָקליאַטי זשידי! — האָט פּאַווליוק געזאָגט. (פאַרשאָלטענע ייִדן).

— פּאַהיבעלי נאַ ניך נימאַ — (ניטאָ אויף זיי קיין אויסכאַפּעניש) האָט דער סטאַראָסטע אונטערגעהאַלטן — מיר וועלן זיי שוין ווייזן!

פּאַווליוק איז ביסלעכווייז געקומען צו זיך און שוין מיט שפּאָט געקוקט אויפן היטער פון דער דאָרפישער אָרדענונג. ער האָט דעם סטאַראָסטע „געבראָטן אַ גאַל״:

— אַז אונדזער נאַטשאַלסטוואָ איז בלינד, טוען אַלע, וואָס זיי ווילן. דעם סטאַראָסטעס רונדלעכע אויגן האָבן זיך פאַרשמעלט און שאַרף אָפּגעמאָסטן דעם שטשופּעלע גוי'עץ.

— און דו, פּאַווולושע, האַלט נאָר דיין צונג אונטער די ציין. די וולאָסט איז אַ וולאָסט און נאַטשאַלסטוואָ איז נאָך ניט בלינד, ניין!

— יאַ ניבי טעיע — (איך הייסט עס, אַזוי) האָט פּאַווליוק זיך געדרייט און ניט געקענט אַרויסדרייען זיך. — איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן: מוזשיק מוזשיקאָם... „יענע לייט״ דאַרפן אפילו ניט זען, ווייסן זיי שוין: געלערנטע מענטשן, אַזוי צו זאָגן.

דער סטאַראָסטע האָט מיטאַמאָל געביטן זיין טאָן. פון אָנגריף איז ער אַריבער אין זעלבסטפאַרטיידיקונג און רחמנות צו זיך אַליין:

— וואָס וויל דאָס פאָלק פון מיר? — האָט ער געט'טענה'ט. — ניכיי וואָלטן זיי אין אַזעלכע צייטן עמיצן אַנדערש אויסגעקליבן פאַר סטאַראָסטע און ניט אַרויפגעוואָרפן די גאַנצע שולד אויף איין און איינציקן מענטשן!... וואָס בין איך עפּעס, אַ גאָט, צי אַ נביא? אַז אַ רעבטגלייביקער שפּילט אויף אַ לירע, זאָל איך וויסן, אַז ער איז אַ פאַרשאַלטענער ייד?

— צע וואַנאַ שטשאַ טאַק, טאַ טאַק (אַזוי איז עס) — האָט אים פּאַווליוק אונטערגעהאַלטן.

— טאַ וואָס־זשע, טאַ וואָס — האָט אים דער סטאַראָסטע ווידער אָנגעגריפן — טאַ וועלכע־זשע רוחות שטופּסטו דיין נאַרישע צונג און בעלעבעטשעסט?

— פּאַני סטאַראָסטע! — האָט פּאַווליוק אויסגערופן און עס איז געווען שווער צו וויסן, צי מיינט ער זיך פאַרטיידיקן, צי — ווידער אָפּלאַכן — איך... איך האָב ניט געמיינט...

דער סטאַראָסטע האָט אים אָבער ניט געהערט און געשטורעמט:

—...איצט, אין אַזאַ ביטערער צייט, ווען מען האָט ניט קיין דרך־ארץ פאַר נאַטשאַלסטוואָ, ווען אַ פּאַסקודנער מוזשיק, אַ צרעפּע־טער, קאָן עפּענען אַ מויל און פאַרן גאַנצן פאָלק זאָגן, אַז דער קיסר איז אַ בלוטזויגער!... — דער סטאַראָסטע האָט זיך אַזש פאַרבלי־נעט — איצט האָט מען צו מיר טענות!

פּאַווליוק האָט געשוויגן. עס איז אויך אַנטשוויגן געוואָרן דער סטאַראָסטע. ביידע האָבן שווער געשפּאַנט. עס איז געווען אַ מיטן־זומער־פאַרנאַכט. די פּויערים האָבן שוין געענדיקט די אַרבעט אויף זייערע פעלדער און גערטנער. זיי האָבן שוין אויך באַאַרבעט די פּריצישע פעלדער, זיי פריער פאַרזייט און נאָכדעם די בוריקעס־פּעל־דער געסאַפּעט, געפּאַלעט (גערייניקט פון די ווילדגראָזן) און אונטער־געשאַרט און איצט האָט זיך דאָס דאָרף געגרייט צום שניט. יעדער מאַן, פרוי — און אפילו קינדער — האָבן נאָך גענוג אַרבעט געפונען אין דער באַלעבאַטישקייט, אָבער מען איז ניט געווען אַזוי שטאַרק פאַרנומען, ווי אין פרילינג, צי אין האַרבסט. דערפאַר זענען אַצינד כמעט אַלע דערוואַקסענע געווען אין דער היים. די קליינוואַרג האָט נאָך די בהמות פונעם פעלד ניט געבראַכט צוטרייבן. די פרויען האָבן שוין געקאָכט וועטשערע און מאַנסבילן האָבן געזוכט אַרבעט אין די הויפן.

דאָס דאָרף איז געווען שטיל, נאָר פון דאָ און פון דאָרט האָט זיך געהערט, ווי עמיצער שאַרפט אַ קאָסע און פון דאָ און פון דאָרטן האָט אַקעגן דער שפּעטער זון, פאַר די אויגן געבלאַנקט געשאַרפטער שטאָל. איניקע פויערים זענען געלאָסן געגאַנגען מיט דער שמאָלער, שטויביקער גאַס און, באַגעגענענדיק זיך מיטן סטאַראָסטע און מיטן פּריצישן אונטערלעקער, האָבן זיי זיך דאָך פריינטלעך געגריסט, אויפגעכאַפּט אַ וואָרט פון זייער טשיקאַווע געשפּרעך און, פאַרגאַפּטע, ווייטער גע־שפּאַנט. עס האָט זיך געגלוסט אומקערן זיך, נאָכגיין און אויסהערן, אָבער מען האָט מורא געהאַט פאַר זיי. עס זענען אָבער אויך אָנגע־קומען אונטער די פּלייצעס פון די צוויי פּריצישע פאַרזאָרגער...

אַזוי איז זיך געגאַנגען אַ פּויער און זיך ערגעץ געאײַלט. דער־זען פאַר זיך דעם סטאַראָסטע מיט פּאַווליקן, האָט ער זיין גאַנג פאַר־האַלטן און ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן: צי זיי אָניאָגן און אַריבער־יאָגן, צי זיי איגנאָנצן אויסמיידן. שפּאַנט ער זיך אַזוי פּאַמעלעכן און דאָך פּילט ער, ווי ער דעריאָגט זיי. דער פּויער וואונדערט זיך, ווי מענטשן קאָנען עס אַזוי אין אַ מיטן וואָך זיך פאַרגינען גיין, ווי די פּריצים... ער וויל איינהאַלטן זיין גאַנג, און דאָך פּילט ער, אַז אָט־אָט און ער איז שוין הינטער זיי... און דערפאַר מאַכט ער זיינע טריט שטילער און שטילער און ער הערט, ווי דער סטאַראָסטע זאָגט:

— איך וועל היינט צונויפרופן די דעסיאַטסקיס און זיי פאַרזאָגן צו פאַרהאַלטן יעדן בעטלער!

דער פויער פילט, ווי דער שטערן איז אים הייס געוואָרן. ער רוקט אַרויף דאָס שווערע היטל אַזוי, אַז עס פאַלט שיעור אַראָפּ הינטן אַרום... ער הערט ווייטער:

פּאַוולױק: איר שיקט מיך בעסער צו די „בעטלער". דאָס וואָרט רעדט ער אַרויס סודות׳דיק, ווי ער וואָלט דערמאָנט אומריינע, שרעק־לעכע זאַכן, ווידמעס, אָבער וואָוקולאַקעס.

סטאַראָסטע: דיך?... (אַנטציקט) הע, ווען דו ביסט אַ דעסיאַטסקי!

פּאַוולױק: איך וואָלט זיי ווי די מייז אויסגעדישעט!

פון ווייטן האָט זיך באַוויזן אַ פויער און דער געשפּרעך האָט זיך איבערגעריסן. זיי האָבן ניט געוואָלט דעם פויער הינטער זיך און האָבן שפּעטער זיך ווייטער צערעדט. פּאַוולױק האָט דערציילט:

— איר ווייסט גאָרניט, פּאַני סטאַראָסטע, וואָס אויף גאָטס וועלט טוט זיך! די דאָזיקע, ווי הייסן זיי דאָרטן? — אַנאַרכיסטי־אַנטיכריסטי, — זיי זענען די ערגסטע פון אַלע, נאָך ערגער פון זשידעס! זיי האָבן פאַר קיינעם און פאַר גאָר קיין מורא ניט... זיי זענען דאָ איבער אונדז און אונטער אונדז!

— פּאַוולױק האָט גערעדט שטיל און הייס: — איר ווייסט, פּאַני סטאַראָסטע, מען דערציילט פון זיי אַזוינע שרעקלעכע זאַכן, אַז עס שווינדלט מיר אַזש אין די אויגן פאַר מורא!... זיי טראָגן זיך אַרום מיט פולע קעשענעס באָמבעס! קומען זיי צוגיין צו אַ באַנק, כאַפּן זיך אַריין אינעווייניק, צוגעגאַנגען צום גלאָוונע, (הויפּט) אים אָוועקגעלייגט אַ באָמבעטשקע אויפן טיש... צוגעגאַנגען צו די אַלע בוכהאַלטערס און קאַסירן און יעדן איינעם אָוגאָשטשייעט (מכבד געווען) מיט אַ באָמבעטשקע... און אַליין גייען זיי זיך צו דער קאַסע מיטן גאָלד, נעמען עס צו און — פשאָל!...— פּאַוולױק האָט אַ פייף געטאָן — גיי זוך דעם ווינט אין פעלד...

דער סטאַראָסטע האָט אויסגעהערט פּאַוולױקן און אָנגעהויבן זיינע אַ מעשה:

— און איך האָב אויפן יאַריד אויך געהערט אַ שיינע היסטאָריע... צום פּאַן פּליעכאַוויצקי פון קניאַזשי איז אָנגעקומען אַ פּעקל לכבוד פּסח, אַ מתנה... האָט ער זיך זייער דערפרייט און עס געגאַנגען עפענען. ער עפנט עס אויף און וואָס, מיינסטו, ליגט דאָרטן?... אַ קיילעכדיקע, ווי אַ שוואַרצע בולקע, אַ — — באָמבעטשקע! דער פּריץ איז פון שרעק געליימט געוואָרן און נאָך משוגע דערצו!... איצט ליגט ער אין אַ משוגעים־הויז.

פּאַוולױק װיל ניט דערלאָזן, אַז דער סטאַראָסטע זאָל אים איבער־שטײגן אין היסטאַריעס װעגן אַנאַרכיסטן־אַנטיכריסטן. ער פאַרהאַלט זײן גאַנג און פאַרשטילערט זײן שטים... ער שטעקט אַרײן צװײ קלײנע, גרינלעכע אױגן אינעם סטאַראָסטעס פּנים און מאַכט אַזױ:

— סע קאָן זײער שײן זײן, אַז מיר רעדן דאָ, און זײ הערן אונדז!...

דער דאָרפסהערשער שטעלט זיך מיט אײן מאָל אָפּ, אָבער זע־ענדיק, װי פּאַװליוק שפּאַנט װײטער, פאָלגט ער אים נאָך און דער פריצישער װעכטער רעדט אין אים אַרײן:

— זײ האַלטן זיך אין אײלן, אונטער דער ערד און זײ הערן, װאָס מיר רעדן און זײ װײסן, װאָס מיר טוען, זײ גײען אונדז נאָך פוס־טריט! — בײדע זענען אַנטשװיגן געװאָרן, בײדע האָבן זיך אומ־געקוקט און דערזען... סעמען קראַטיק'ן, אַ קלײנינקן, ברײטן פויער פון אַ יאָר פופציק, מיט אַן אומגעװײנלעך־גרויס פּנים. זײן האַרטע באָרד קורץ געשוירן און אין די טונקל־גרויע סטערניעס װײזן זיך נאָך אײניקע שװאַרצע האָר. סעמען קראַטיק האָט געמאַכט אַ פּנים, װי ער װײסט פון גאָרניט צו זאָגן און זיך העפלעך פאַרנײגט פאַר דער מאַכט.

— אַ טאָ קודי? — האָט אים דער סטאַראָסטע בײז געפרעגט. (װאוהין?)

— נאָ טוי ביק (אויף יענער זײט, װינקל, גאַס) סעמען האָט זיך געביטן אין פּנים. ער האָט אויסגעמיטן צו קוקן די צװײ מענטשן אין די אויגן און שנעל־שנעל אַװעק און אַװעק...

דער סטאַראָסטע מיט פּאַװליוקן האָבן אים נאָכגעקוקט און אַ היפּשע װײלע ניט געפונען קײן װערטער אַנצוהאַלטן דעם געשפּרעך.

# קאַפּיטל אַכט און דרייסיק

די טעג זענען געווען גרויסע, ברייטע און ליכטיקע. די זון איז שוין אין די פאַרטאָגן געווען אַ צעגליטע. זי האָט געברענט די געוויקסן און דיביימער אויף די גערטנער און די תבואות אויף די פעלדער; זי האָט אויסגעבאַקן די ערד אויף שטויב און אויסגעברענט טיפע שניטן אין איר. איבערן טאָג האָט זי אַנגעצונדן אַלע הימלען און זייער ווייסלעכער פלאַם האָט, פאַרוואַנדלענדיק זיך אין אַ טונקעלער רויטקייט אין די פאַרנאַכטן, געברענט לאַנג־לאַנג נאָכן זונענפאַרגאַנג.

אַטשערעטניע האָט זיך געגרייט צום שניט. די קאָסעס און די סערפּן זענען שוין געווען גרייט און אייניקע פּויערים האָבן שוין אפילו אָנגעגרייט פּערעוועסלעס (שטרויענע בענדער פאַר די גאַרבן) פאַר די סנאָפּעס.

מען האָט געוואַרט.

דאָס יאָר, ווי אַלעמאָל אין דער צייט האָט זיך פּאַווליוק, דער שטשופּלע גוי׳עץ מיט די גרינלעכע אויגן און קליינע, טונקעלע וואָנציעלעך באַדאַרפט באַוויזן אויפן פריצישן גניאַדע פערד, אָבער אויפן שיין־געפלעקטן שפּאַק. ער האָט באַדאַרפט דורכפאָרן דאָס דאָרף און רופן דאָס פאָלק צו דער אַרבעט.

די פּויערים האָבן זיך דעריבער גע׳חידוש׳ט, וואָס דער פריצישער דינער האָט זיך נאָך ניט געוויזן. זיי האָבן יעדן פאַרנאַכט, ווען די וויבער האָבן געקאָכט וועטשערע, זיך פאַרזאַמלט אויפן סטעפּאַק, ביים קלויסטער, אָבער לעבן יונה׳ס שטוב און דאָרטן גערעדט וועגן די פריצישע פעלדער.

מען האָט זיך דערמאָנט, אַז פאַר עטלעכע יאָר צוריק האָט מען געשניטן פונעם אַכטן סנאָפּ. דאָס איז געווען אַ גליקלעך יאָר. און נאָך יענעם יאָר האָט מען פיר יאָר נאָכאַנאַנד געאַרבעט פונעם צענטן סנאָפּ. פאַראַיאָרן האָט מען אויסגערופן פונעם צוועלפטן... דאָס איז געווען אומגלייבלעך, אָבער דער פּריץ האָט אויסגעפירט.

עס איז געווען פאַרנאַכט. די זון האָט זיך שוין באַהאַלטן, אָבער די לופט איז נאָך געווען אַזוי אָנגעגליט פון אַ גאַנצן הייסן טאָג, אַז מען האָט נאָך די ראָסע ניט געפילט און די סטרעקונעס האָבן נאָך אין די גראָזן געשוויגן, אָבער די פויערים האָבן זיך שוין פאַרזאַמלט לעבן יונה׳ס פאָדוויר. ביים טויער איז געלעגן אַן אַלטער שטאָם פון אַ ווערבע און ער איז אינגאַנצן געווען באַזעסן מיט פויערים. אַקעגן זיי און אַרום האָבן זיך פויערים אויף דער הוילער ערד, אויסגעזעצט — און אפילו אויסגעלייגט — ווער מיטן רוקן אַרויף און ווער נאָזנדיק.

אַלע האָבן גערעדט מיטאַמאָל און איינער האָט דעם צווייטן איבער־געשריגן. כמעט אַלע האָבן דאָ גערייכערט און איבער די קעפּ פון די פאַרזאַמלטע איז געהאַנגען אַן אַשיקער, שטיקעדיקער רויך.

באַשפּרעכן די פראַגע פון שניט האָבן אַלע געקאָנט, אָבער געהערט צו ווערן האָבן די ווערטער געהאַט גאָר אַלטע, בכבוד׳יקע לייט אָבער בעלי־מלאכות. אַזוי האָט אפילו דער יונגער שוסטער, סטעפּאַן מורדיוק, אַ הויכער, דאַרער גוי מיט קראַנקהאַפט־גלאַנציקע אויגן, — גערעדט און עטלעכע פויערים האָבן אים אויפמערקזאַם אויסגע־הערט. ער איז ניט נאָר געווען אַ גוטער שוסטער, נאָר ער האָט אויך אַ שידוך געטאָן מיט זיך, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גוטן בעל־מלאכה. אַז די יונגע ליאַכישע פעלדפעבעלקע איז געבליבן אַן אלמנה, האָט ער זי גלייך פאַר׳קנס׳ט און טאַקע אָפּגעשפּילט אַ פיינע חתונה, און דער געהויבענער שידוך האָט נאָך פאַרגרעסערט סטעפּאַנס כבוד אין די אויגן פון די אָטשערעטניער לייט.

סטעפּאַן האָט אַזוי געזאָגט:

—...איך זיץ מיר אין דער קיל, אויף אַ בענקעלע און לייג לאַטקעלעך אויף שטיוול. שניידן וועל איך ניט גיין, אָבער די לייט וועלן זיין ערגער פון סקאָטינעס (פי) אַז זיי וועלן זיך לאָזן קריכן אויפן קאָפּ און שניידן פונעם צוועלפטן סנאָפּ!

סעמען קראַטיק איז געווען איינער פון זיינע צוהערער. ער האָט זעלטן צווישן מענטשן געוואָגט צו רעדן אָבער זינט ער האָט דער־ציילט פאַר לייטן וועגן דעם געשפּרעך, וואָס ער האָט אַנומלט אונ־טערגעהערט צווישן דעם סטאַראָסטע מיט פּאַווליוקן, איז ער געוואָרן אַ שטיקל חשוב און אויך ער האָט איצט אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט:

— דער צוועלפטער סנאָפּ, ליודי דאָברי, איז אַ צרה, אָבער אַז נאָך דער אַרבעט קומט נאָך צוגיין דער פּריץ און נעמט זיך צו די גרעסטע סנאָפּסעס און דיר טוט ער אַ „טיץ״ (שטעק) די פאַרזע־

ענישן!... — סעמען איז אַנטשוויגן געוואָרן און אויסגערופן: — אַס שטשאַ! (אַט וואָס!)

זיינע ווערטער האָבן אַנדערע אַרויפגעפירט אויף זכרונות וועגן פאַראַיאָריקן שנים. קראַטיק איז גערעכט: אַלע האָט מען זיי אַזוי אָפגעטאָן.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט וואַסיל קוצאַק מיט אַ מילך־ווייסער קורצער באָרד און רויטע באַקן. סעמענען האָט ער גאָרניט געזאָגט, נאָר ער האָט זיך געווענדט צו סטעפאַנען, צום מיוחס:

— דו ביסט אַ מייסטער אויף לייגן לאַטקעלעך און קאַנסט נאָך זאָגן, אַז דאָס פאָלק איז ערגער פון סקאָטינעס... זידלען זיך קאָנען די פאַנסקע פידליזניקעס בעסער פון דיר. דו ווייז אונדז בעסער אַ וועג, אַ סטעזשעטשקע אַזאַ מינע, אַז זי זאָל אַרויספירן אויפן גלייכן וועג!

סטעפאַן האָט זיך אָנגעברוגז׳ט.

— וואָס בין איך עפּעס, אַ פירער? און איר, איר זענט אַזעלכע מענטשן, אַז לאָ׳מיך זיך וועלן איינשטעלן פאַרן פאָלק און אים אָנווייזן דעם ריכטיקן וועג, וועט מען מיר פאַרשיקן, אַזוי ווי מען האָט דעם לערער, דעם יידישן פאַרפּעקלט!

— קוצאַק האָט אים דערווידערט:

— נו, יענער איז דאָך געגאַנגען קעגן קיסר אַליין, קעגן נאַ־טשאַלסטוואָ.

סטעפאַן איז שוין געווען אין כעס. זיינע קראַנקהאַפטע אויגן האָבן זיך געצונדן ברייטער און טונקעלער מיט אַ געלבלעכן פלאַם.

— איר זיצט דאָ — האָט ער מיט ווירדע אָנגעהויבן, ווי איינער, וואָס פאַרט אָפט אין שטאָט אַריין און „רייבט" זיך צווישן מענטשן — איר שטעקט דאָ, און ווייסט ניט, וואָס אויף גאָטס וועלט טוט זיך... איר מיינט, אַז ראַבינאָוויטש איז איינער... גענוג דאָ אַזעלכע מענטשן געלערנטע, וואָס ווילן אייך אַרויספירן דורך אַ סטעזשקעלע אויף אַ גלייכן וועג! אָבער אַ מוזשיק איז אַ נאַטירעוואַטע פערד (איינגע־שפּאַרט) זאָג אים: „האָטיאַ!" שטייט ער; זאָג אים: „ק סאָבי" (לינקס) שטייט ער... און אַז מען שלאָגט אים, קושט ער נאָך אין הענטעלע אַריין... הערט: וואָס ווייסט איר? איר זיצט אין כאַטע און אַרום דער כאַטע האָט איר גרויסע קופּעס גנאָי. דער גנאָי ש... און איר — אויך!

— שטיי, שטיי! — האָט זיך שוין אָנגערופן אַן אַנדער פויער, אַרסען מאַלעי, אַ טונקל־רוסיאָווער מיט גרויסע, בלויע אויגן. ער איז

געוועז אַ שטיקל זנאַכאַר (טרעפער) אַ שטיקל פעלדשער (רופא) און דערצו האָט ער נאָך געקאָנט לייענען און שרייבן. — דאָס וואָס דו ווייסט, ווייסט נאָך עמיצער. ביי מיין שטוב ליגט אויך גנאָי, אָבער לערנען זיך גיי איך ערגעץ אַנדערש.

סטעפּאַן האָט אים אָנגעגריפן:

— נו, וואו לערנסטו?

— איך לערן, — האָט אַרסען געענטפערט — איך לייען גאַזעטן...

— בריכוני! — האָט אים סטעפּאַן איבערגעשלאָגן. — גאַזעטן שרייבט ניט אונדזער ברודער. אונדזערע ברידער, אַז זיי ווילן עפּעס זאָגן, — פאַרפּאַקט מען זיי אין קוצעמענט אַריין. איך גיי מיר צוויי מאָל אַ וואָך אין שטאָט אַריין און דאָרט הער איך זיך אָן מיט אַ סך שיינע היסטאָריעס... מען זאָגט, אַז די יידן מוטיען (קלויצן) דאָס פאָלק... כע! ס'אַ ליגן, קיינער מוטיעט ניט! מען מוטשעט אונדז, שרייען מיר: ווען מען עס טוט וויי, דער קען ניט שוויגן. פריער האָב איך אויך געמיינט, אַז ס'איז אַלץ יידישע אויסטראַכטענישן... נו, אָט בין איך געוועזן אין שטאָט. מענטשן, ווי פאָרעך (שטויב) דער אַהין, דער — אַהער. דאַכט זיך, יעדער האָט אין זינען זיין אַרבעט, קיינער קער זיך מיטן צווייטן ניט אָן... מיטאַמאָל קומען זיך צונויף אַ צוויי־דריי... און איידער איך קוק זיך אַרום — שוין פיר־פינף, שוין אפשר הונדערט און אפשר נאָך מער און איינער שטייט שוין אויף אַ וואָגן און רעדט גוטס פאַרן פּראַוואָסלאַוונע פאָלק, אַז דער אָרעמער, הייסט עס, זאָל זיך ניט לאָזן קריכן אויפן קאָפּ... שטייען מוזשיקעס און הערן, שטייען זשידעס און הערן... און דאָ לויפט דער סטראַזשניק און דער אוריאַדניק, מען פייפט, אַ גוואַלד: „לאַווי זשידאָ!״ כאַפּט אַ יידן!) שרייען זיי, אָבער ביז זיי קומען, איז שוין דער גוטער מענטש צווישן פאָלק... און ווידער גייט זיך איטלעכער זיין וועג, און די פּאָליציי בלייבט אָן אָפּגענאַרטע.

„איינמאָל האָבן זיי אַזאַ מינעם געפּאַקט, אים גוט אָנגעג'הרג'עט און אַלץ געשריגן, אַז ער איז אַ ייד. מען האָט אים אָוועקגעפירט צום פּריסטאַוו (הויפּט פון שטאָטישער פּאָליציי) און דאָרט אים געהייסן זאָגן: נאַ האָריע האַראָשאָ סטאַאיט קראַסני ווינאָגראַד״, נו, אַז ער גיט ניט אַ רעד אַרויס טויזנט מאָל בעסער פונעם פּריסטאַוו אַליין... דער פּריסטאַוו ווערט אָן אָנגעצונדענער. „ראַזדיעוויס!״ (טו זיך אויס!) קאָמאַנדעוועט ער...

דער אַלטער קוצאַק האָט זיך אַריינגעמישט:

— זיך טאַקע געהייסן אויסטאָן?!

— נו אַ קאַק זשיע (נאָך ווי) מאַכט סטעפּאַן מיט פאַרגעניגן — אויסגעטאָן אינגאַנצן — — — אַ פּראַוואָסלאַוונע געווען!... — סטעפּאַן איז אַנטשוויגן געוואָרן און פילאָזאָפיש צוגעגעבן: טאַק טאַ (אַזוי איז עס)

סעמען קראַטיק האָט זיך דערלויבט צו באַמערקן:

— געגוג יידליקעס דאַ צווישן „זיי".

דערויף האָט אים סטעפּאַן מיט פאַרדראָס אַריינגעזאָגט:

— דו אים אַזוי, — און ער דיר פּוקט קאַפּויר!... רעדט מען דאָך, אַז ביי זיי איז ניטאָ קיין חילוק: זיי ווילן אַלע גוטס פאַר די אָרעמע!

—באַלאַקייעש, — (פּלאַפּלסט) האָט אַרסען געזאָגט מיט אומצוטרוי.

— גלייבט יאָ, גלייבט ניט — האָט סטעפּאַן מיט ווירדע געענטפערט — מיין זאַך איז דער אמת. איך האָב אויך פיינט יידן, אָבער זיי זענען אַנדערש.

און קוצאַק האָט דערויף געזאָגט:

— אָבער דער קיסר איז ווייט און גאָט איז הויך — און מיר וועלן מוזן שניידן פונעם צוועלפטן סנאָפּ...

סטעפּאַן האָט אים געוואָלט ענטפערן, אָבער אַ מאָדנע גערויש האָט זיך אין דאָרף דערהערט. דאָס איז געווען אַ הודזשען פון אַ שאַראַבאַן, אַ שווערער, געלער שאַראַבאַן, געשפּאַנט אין צווי שיינע שפּאַקעס. אויף דער קאָזלע אַ יונגער אַנטרייבער און הינטן צוויי סטראַזשניקעס.

די גאַנצע האָמדע איז אַנטשטילט געוואָרן. ווער עס איז געזעסן, האָט זיך אויפגעהויבן און ווער עס איז געלעגן, האָט זיך אויפגעשטעלט, אָפּשטויבנדיק זיך. די וואָס זענען געשטאַנען האָבן זיך געכאַפּט ביי די היטלען. סטעפּאַנס קרענקלעך-געל פּנים איז געוואָרן עפּעס אַזוי ווי גראָ. ער האָט זיך געוואָלט אַרויסשאַרן, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט: דער שאַראַבאַן איז צוגעפאָרן און זיך אָפּגעשטעלט.

די סטראַזשניקעס זענען אַראָפּ פונעם שאַראַבאַן, איינער פון די פּאָליציאַנטן, אַ הויכער, אַן וואָנציעס, און דער אַנדערער, אַ קליינינקער, אַ מאָגערער, מיט אַן העכט-יידיש פּנים, די אויגן גרויסע און פול מיט חכמה.

— דאָברי וועטשיר, ליודי דאָברי! — האָט דער קליינינקער געזאָגט אין אַ היימישן אוקראַייניש.

— וועטשיר דאַברי — האָט דער אַלטער קוצאַק געענטפערט.
דעמאָלט האָט דער גרויסער אָן די וואָנציעס געזאָגט:

— מיר זענען געקומען צו אייך זוכן בונטאָוושטשיקעס... וואו איז אייער סטאַראָסטע?

פונעם עולם האָט זיך אַרויסגערוקט אַ דעסיאַטסקי. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל פון זיין צעפּאַטלטן קאָפּ און העפלעך, מיט מורא געזאָגט:

— דער סטאַראָסטע וואוינען אויף יענעם ווינקל. אָט לויף איך שוין זיי רופן.

— לויף ניט — האָט דער סטראַזשניק געזאָגט. — שטיי דאָ: דו ביסט גענוג.

דער דעסיאַטסקי האָט צופרידן געשמייכלט. ער האָט געוואָרפן בליקן אויפן איבערגעשראָקענעם סטעפּאַנען און געוואָרט אויף אַ באַ־פעל. ער האָט אויך געקאָנט אָנווייזן, טאָקע דאָ, אויף אַ פּאָר, וואָס רעדן אָקעגן קיסר און נאַטשאַלסטווע. דער דעסיאַטסקי האָט זיך גע־גרייט... עס האָבן זיך אויך געגרייט און געוואָרט אַלע פּויערים און פּויערטעס און קינדער, וואָס האָבן שוין באַוויזן צוצוקומען. פון וויטן האָט זיך אויך באַוויזן דער סטאַראָסטע.

— אָט גייט דער סטאַראָסטע! — האָט דער דעסיאַטסקי פריי־לעך אויסגערופן.

— פריעקראַסנאָ! (זייער שיין) האָט דערויף דער קלייניקער סטראַזשניק געזאָגט און דער גרויסער האָט געפרעגט:

— איר האָט דאָ אַ טעלעפאָן?

— אַ וואָס האָט קוצאַק איבערגעפרעגט.

— אַ טעלעפאָן! — האָט דער באַאַמטער שטרענג ווידערהאָלט.

— אַ! — האָט זיך דער אַלטער פּויער דערמאָנט — איך ווייס, איך ווייס! ניין, ניין מיר האָבן ניט, אַזוינע זאַכן געפינען זיך ביי אונדז ניט. מען דאַרף אַזש גיין נאָך דעם צום וואָקזאַל, צוועלף ווערסט פון דאַנען.

— פריעקראַסנאָ! (אויף אַלץ זאָגן זיי „פריעקראַסנאָ...) האָט צופרידן געענטפערט דער פּאָליציאַנט. — מיר וועלן עס מאַכן אָן אַ טעלעפאָן... אָבער איך אייל זיך: גאָסודאַרסטוויענאַיאַ סלוזשבאָ (רעגירונגס־דינסט) ער האָט מיט שטרענגע, דורכדרינגלעכע אויגן באַטראַכט די פּויערים. זיין בליק איז געפאַלן אויף סטעפּאַנען, זיך אָפּגעשטעלט און ווייטער אַוועק איבער ווילד־פאַרוואָקסענע פּויערישע געזיכטער. וואָס פאַר אַ סעריע פון צורות! וואָס פאַר שטערנס, אויגן,

מיילער און, איבערהויפּט, נעז! פון אָנשטרענגונג, מורא און דער־וואַרטונג האָבן אַלע געשמאָרעט מיט די נעזער און אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך מיט די אויגן פונעם קיסר׳ס שליח. — נו, אונטער־טאַנען — האָט דער סטראַזשניק ענדלעך געזאָגט — גיט אַרויס די בונטאָווטשיקעס אייערע, מאַכט עס שנעל!

דער דעסיאַטסקי האָט שוין געוואָלט אָנווייזן אויפן שוסטער, אָבער דאָ איז צוגעקומען דער סטאַראָסטע און ער האָט שוין אָנגעוויזן ניט נאָר אויפן אָרעמען אויף טויט איבערגעשראָקענעם סטעפּאַנען, נאָר אויך אויף דעם רויטבערדיקן מאַקאַרן, אויף איינעם אַ ראַמאַנען, פּראַקאָפּן און אפילו אויף סעמען קראַטיקן.

קוצאַק האָט זיך געפּרואווט אַריינמישן, אָבער עס האָט ניט גע־האָלפן: מען האָט די פינף אַריינגעשפּאַרט אין שאַראַבאַן און זיי אַוועקגעפירט.

דער שאַראַבאַן האָט געריהרט. די אַרעסטירטע האָבן זיך אומ־געקוקט. צווישן די פויערטעס האָט זיך דערהערט אַ געוויין. פריער איינע, באַלד — אַ צווייטע, אַ דריטע... מאַקאַריכע און די אַלטע קראַטיקעכע האָבן געטאָן אַ לויף נאָך די אַרעסטירטע, אָבער די פערד האָבן געטאָן אַ טראַג, אַ שטויב האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונטער זייערע גרויסע, שיין־געפּאַרבטע רעדער און פאַרשאָטן די פּנימער פון די נאָכלויפנדיקע פרויען.

# קאַפּיטל ניין און דרייסיק

נאָך דעם זעלבן אָוונט זענען אַלע אַרעסטירטע געקומען צוריק. נייגעריקע פּויערים זענען געלאָפן צו די אומגעקערטע, זיך צו דער־פרעגן ביי זיי וואָס און ווען און ווי אַזוי, אָבער יענע, ווי זיי וואָלטן אַלע געווען דורכגענומען מיט איין געדאַנק, האָבן גע׳טענה׳ט, אַז „אַ חלום, אַ דאַכטעניש — מער גאָרניט...״

עס איז אויסגעקומען ניט אַנדערש, ווי דאָס גאַנצע דאָרף איז משוגע און זיי, די, וואָס מען האָט פאַר אַלע לייט אין די אויגן אַרעס־טירט, זענען די קלאָרע. דער אמת איז אָבער שפּעטער אַרויסגעקומען, אַז די סטראַזשניקעס זענען גאָר קיין סטראַזשניקעס ניט געווען, נאָר „פון יענע לייט״, איבערגעטאָנענע אַנטיכריסטן, וואָס האָבן, הייסט עס, מיט אַ כיוון אויסגעקליבן די אויפגעקלערטע אין דאָרף, און אין זייערע גוי׳אישע קעפּ ווער וויס וואָס פאַר רייד אַריינגעפּאַמפּעט. אַלע האָבן אויף זיי געקוקט מיט חשד און אפילו דער סטאַראָסטע אַליין האָט זיך ניט געוואָגט אַנצוהייבן מיט זיי... ער האָט געדראָט, אָבער גאָרניט געטאָן... „זאָל נאָר דער שניט אַריבער — האָט ער גע׳טענה׳ט, וועט ער זיי שוין ווייזן...״ אָבער איידער דער שניט האָט זיך אָנגע־הויבן, האָבן די אַטשערעטניער פּויערים געהאַט אַ באַגעגעניש נאָך מיט איינעם פון יענע לייט... גאָט, באַהיט און באַשירעם! וואָס פאַר צייטן מען האָט דאָס דערלעבט!...

---

פון אַלע עקן וועלט האָט זיך אויף אַטשערעטניע געטראָגן אַ היץ און מיט שווערע, פייכטע כוואַליעס זיך אַראָפּגעזעצט אויף אַלע ביימער און געוויקסן. אַרום די ווייטע האָריזאָנטן האָבן זיך געזאַמלט טונקעלע וואָלקנס. זיי האָבן זיך געהויבן אַרויף, ווי אַן איבערפּליסנדיקער טייך. בייטאָג זענען זיי געשטאַנען שוואַרצע, אין שטומער דערוואַרטונג און אין אָוונט געדראָט מיט שטילע בליצן.

אַטשערעטניער פויערים האָבן קיין ליכט ניט אָנגעצונדן, אָבער שלאָפן ניט געגאַנגען. נאָכן נעכטיקן אָוונט מיט די איבערגעטאָנענע סטראַזשניקעס זענען אַלע געווען אויפגעבראַכט און, שטומע, דער־וואַרט ניסים. די פּאַרובקעס מיט די מיידלעך האָבן דעם אָוונט קיין לידער ניט געזונגען און אפילו די קליינוואַרג האָט זיך פאַר־זאַמלט אויפן בערגל, לעבן דער כאַלאַדנע (דאָרפיש אַרעסטאַנטן־הויז) און זיך דערציילט שרעקלעכע מעשיות פון רוחות און מכשפים.

לעבן יונהס פּאַדוויר האָבן זיך אויך היינט פאַרזאַמלט אַ סך פויערים און געשמועסט וועגן דעם פאַרשטייענדיקן שניט. אַלע האָבן זיך גע׳חידוש׳ט, וואָס דער פּריץ רופט נאָך ניט אויס, אַז מען זאָל שוין גיין שניידן. סטעפּאַן מורדיוק איז דאָ היינט ניט געווען און סעמען סטאַרושקיעוויטש האָט היינט געפירט דאָס רעדל. ער האָט אַזוי געזאָגט:

— גוטע מענטשן, מיר׳ן אַזוי לאַנג וואַרטן אויפן פּריץ, ביז אונדזערע זאַנגען וועלן זיך אויסשיטן.

— אמת, — האָט דער אַלטער קוצאַק צוגעשטימט. — איך בין היינט דורכגעגאַנגען מיין פעלד און עס האָט מיר פאַרקלעמט ביי מיין האַרצן: שטייען די זאַנגען און בעטן זיך, — און מיר — העך!...

— דער אַלטער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אויסגערופן:

— וואָס שטייען מיר דאָ, ווי די גולמ׳ס? קומט אין מיסטן, וועט איר זען, וואָס פון אונדזערע פעלדער ווערט! לאָמיר מער ניט וואַרטן און מאָרגן, שוין טאַקע מאָרגן פאַרטאָג, זיך נעמען צו אונדזער אַרבעט! און דעם פּריץ וועט דער רוח ניט נעמען: ער וועט מוזן אָנקומען צו אונדז!...

אין עולם האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער.

פון יונה׳ס גאָרטן איז געקומען אַ שוואַכער אָטעם פון אַ הייסן ווינט.

אין דער וווייט האָט עס אויפגעבליצט איין מאָל און נאָך אַ מאָל.

אַרסען האָט זיך אָנגערופן:

— ווער עס האָט חשק, לאָמיר גיין אַ קוק טאָן אויף אונדזערע פעלדער! און אַרסען האָט זיך גלייך געלאָזט שפּאַנען. צו אים זענען צוגעשטאַנען סעמען קראַטיק, דער אַלטער קוצאַק, מאַקאַר יאַגניציאַ און פּעטראָ קוציובאַ, אַן אויסערגעוויינלעך־לאַנגער פויער, אַ יונגער מיט אַ ליסע קאָפּ. ער האָט קיינמאָל ניט גערעדט אויף די סכאָדקעס, שטאַרק מקנא געווען די, וואָס קהל׳ן זיך און שטענדיק געפּאָלגט קהל

אַ גאַנג צום גלח, אין וואַלאַסט אַריין, אָבער צום וואָקזאַל, נאָך דער פּאַטשט.

נאָך אַ פּאָר מענער האָבן זיך אויפגעהויבן צו גיין, אָבער זיי האָבן זיך געפּוילט. זיי זענען געבליבן ווייטער רעדן און הערן, וואָס לייט האָבן צו זאָגן.

די פינף פּויערים זענען זיך פּאַמעלעכן געגאַנגען לענג אויס דער גאַס, ביי דער מיל אַריבער די בריק, נאָכדעם — אויפן הויכן משופּע׳דיקן באַרג. זיי זענען אַרויס אין פעלד.

די נאַכט איז שוין דאָ געווען. די וואָלקנס זענען אין דער ווייט געשטאַנען און געוואַרט נאָך פון גאַנצפרי אָן און אַלע מאָל אויפגע־בליצט.

אַרסען האָט געזאָגט:

— קוק איך אויף די בליצן, און איך דערמאָן זיך אָן ראַבינאָ־וויטשן. „עס איז אַלץ נאַטורע״, זאָגט ער... „גוט, זאָג איך, נאַטורע איז נאַטורע, אָבער ווער, פּאַני ראַבינאָוויטש, האָט די נאַטורע באַשאַפן, ווער, הא, ווער? האָסט ניט, האָסט ניט וואָס צו זאָגן, הע?...״ אַ גאָטלאָזער מענטש געווען.

— דערפאַר — האָט קוצאַק געזאָגט — האָט אים גאָט געשטראָפט. ער האָט אים פּאַרלייקנט, און איצט — נאָ דיר...

— זשיד זשידאָם — האָט קראָטיק, וואָס איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ מיוחס צוליב זיין כלומרשטן אַרעסט — אַריינגעזאָגט די ידן.

אָבער, ניט קוקנדיק אויף זיין יחוס, האָט אים דאָ קיינער ניט גענומען ערנסט. אַרסען האָט, ווי אַ קלוגער, ווי איינער, וואָס פאַר־שטייט מער, ווי אַ געוויינלעכער מוזשיק, זיך אָנגערופן:

— די גאָטלאָזיקייט שטאַמט פון אַלע לערער. אפילו אונדזער לערער פון דער קלויסטער־שקאָלע זאָגט אויך אויף אַלץ „נאַטורא״. און איך האָב מורא, דער רייקיר זשידאָק קער אויך לערנען די קינדער גאָטלאָזיקייט.

דער אַלטער קוצאַק האָט געלאַכט.

— גיי שוין, גיי, אַרסעניע. איך קאָן זיין טאַטן און זיין זיידן. איך געדענק אפילו זיין עלטער־זיידן. ערלעכע מענטשן, אַ, ערלעכע, וואָס הייסט ערלעכע! קאָנען מיט אונדזערן אַ מענטשן רעדן און אַ טשאַרקע אויסטרינקען, נו, אַזוי צו זאָגן, ספּראַווידליווי זשידי! (יושר־דיקע ייִדן)

— יאָ, האָט אַרסען מסכים געווען — אָבער אַ ייִדן טרוי איך נים.

מאקאר יאגניציא האט געלאכט מיט א דין, ווייבעריש געלעכטער. אויף אלץ האט ער געלאכט און זעלטן אין א שמועס צווישן לייט א ווארט ארויסגערעדט, נאר איצט, וועגן יידן האט ער אויך עפעס געהאט צו זאגן.

— א זשיד איז טאקע א זשיד — האט ער מיט חוזק גערעדט — אבער א גוי איז א האד, (שלאנג) א גנב און ארויסגעבער, א מסור... איז ער א באלעבאס פאר זיך, איז נאך נישקאשע. גיט אים אבער דער פריץ א שטעלע, — ווערט ער א פארקויפטער, א פידליזניק און וועט שלאגן יעדן פון אונדז פארן פאנסקי גוטס, כא כא כא!...

איצט איז געקומען די צייט, אז דער לאנגער קוציובא זאל עפעס זאגן: פארצוויי־יארן איז ער געווען דער שומר אויף די פריצישע בוריקעס־פעלדער און ער האט ניט איין פויער אנגע׳הרג׳עט.

פעטרא האט בייז און באליידיקט א שמארע געטאן מיט דער נאז און, ווי א מענטש, וואס רעדט זעלטן, — זיך א ביסל פארפלאנטערט.

— טא יא, טא יא — האט ער עטלעכע מאל ארויסגעהיקעט — סלוזשבא, סלוזשבא, זנייעטע, נע דרוזשבא (און איך... דינסט איז ניט קיין פריינטשאפט.)

— א־א! — האט זיך מאקאר אנגעכאפט — דאס, וואס איך זאג: סלוזשבא... „סלוזשבא!" — האט ער מיט פאראכטונג איבערגעקרומט און מיט כעם אויסגעשפיגן.

די פויערים זענען געבליבן שטיל. זיי האבן זיך דערנענטערט צו די פעלדער. מאקאר האט נאך א ווילע שווייגן פלוצים ארויסגעפלאצט:

— סלוזשבא!... כא כא כא! סלוזשבא!...

קוציובא האט פארביסן געזאגט:

— און איר, טשאלאוויטשע, (מענטש) רעדט ווינציקער, — וועט זיין געזינטער אי פאר אייער צונג אי פאר אייער מארדע.

האט זיך שוין ארסען ארייגעמישט:

—ליודי דאברי! — האט ער געבעטן — איידער מען גייט שניידן, דארף מען זיין פריילעך: קריגעריי ברענגט צרות אויף אונדז.

— סלוזשבא! — האט שוין איצט קוציובא בייז געברומט... דערווייל, אזוי ווי מען האט זיך אפגעשטעלט, האט מען שוין פאר־רייכערט. קראטיק האט ניט געהאט קיין טיטין און קיין פאפיראס־פאפיר און ארסען, דער קארגער ארסען, האט אים געגעבן טיטין און פאפיר. סעמען האט געהאלטן אין איין דאגקען און ווען ער האט זיך

פאַרצויגן, האָט ער זיך הויך געקוויקט און געהאַלטן אין איין דאַנקען דעם גוטהאַרציקן אַרסענען...

— שאַ נאַר, שאַ — האָט אַרסען געזאָגט מיט מורא און חשד.

— אַ שטשאָ ? — האָבן עטלעכע מיטאַמאָל געפרעגט.

— מיר דאַכט זיך, אַז איך הער עמיצן גיין.

— עס איז גאָטס וועג — האָט קוצאַק רואיק גערעדט — און אַלע מענטשן גייען אויף אים.

— לייט און אומלייט — האָט שוין סעמען אַריינגעשטעלט.

מען האָט נאָך קיינעם ניט געזען, אָבער מען האָט שוין געהערט עמיצן אָנקומען פון דער פינצטערניש.

דער הימל איז געווען געדיכט אָנגעפּיקעוועט מיט קליינע שטערן און ביי די האָריזאָנטן האָט ער זיך צונויפגעגאָסן מיט די פינצטערע וואָלקנס.

פון דאָרט, וואו עס האָבן זיך דערהערט די טריט פונעם אָנקומענ־דיקן, האָט אויפגעבליצט אַ שוועבעלע. עס איז גלייך אויסגעלאָשן געוואָרן און עס האָט אויפגעגליט אַ שטיל פּייערל, אַ רויטס, וואָס האָט זיך דאַ געלאָשן, דאַ צוריק אויפגעגליט און קוים באַלויכטן אַ סילועט פון אַ מענטשלעך פּנים.

די פינף פּויערים האָבן זיך אין דער פינצטער איבערגעקוקט. דער מענטש מיטן גליענדיקן פייערל איז געקומען נענטער און נענטער.

אַרסען האָט זיך אַנגענומען מיט מוט און, העכער ווי מען דאַרף, געפרעגט:

— קטאָ אידיאָט ? (ווער גייט ?)

— סוואָי — האָט מען פון ווייטן געענטפערט מיט אַ פרעמד קול. (אַן אייגענער)

— קטאָ „סוואָי ?" — האָט אַרסען שטרענג איבערגעפרעגט.

דער מענטש האָט זיך פון ווייטן וואָרעם און היימיש צעלאַכט און געזאָגט דאָס אַלטע רוסישע ווערטל: „אָוואָוידים, סקאַזאַל סליפּאָי..." (מיר'ן זען, האָט געזאָגט דער בלינדער)

— אָוואָוידים, טאָק אָוואָוידים — האָט אים אַרסען אין טאָן געענטפערט.

און באַלד איז פאַר די אַטשערעטניער באַלעבאַטים געשטאַנען אַ יונגער פּויער מיט אַ שוואַרץ בערדל, אין ברילן. די פּויערשע קליידער מיט איידעלן געזיכט האָבן זיך עפּעס ניט געפּאַסט און דאָס האָט אַרויפ־געפירט די פּויערים אויף שלעכטע מחשבות.

דער פרעמדער האָט זיך אויף אוקראַיניש געגריסט:

— דאָברי וועטשיר (מיטן דרוק אויף „רי" אין וואָרט „דאָברי")
צום ערשטן האָט אים אַרסען געענטפערט, נאָכדעם — קוצאַק און נאָך אים שוין די איבעריקע.

— וואוהין באַגלייט גאָט? — האָט אַרסען געפרעגט.

— צו אייך — האָט דער פרעמדער געענטפערט מיט אַזאַ טאָן, ווי זיי האָבן זיך דאָ שוין לאַנג געריכט אויף אים.

— צו אונדז?!

— צו אייך...

די פויערים האָבן זיך ערשט רעכט איינגעקוקט אינעם אומגעבעטענעם. ער האָט זיך פאַרצויגן מיט זיין פאַפּיראָס. עס האָט זיך באַלויכטן אַ היפּשע נאָז און די גלעזלעך פון זיינע ברילן האָבן סודות־דיק געגלאַנצט.

— פּאַזוואָלטיע, — (דערלויבט) האָט אַרסען זיך געקליגט. — און ווער, לאָמיר זאָגן, האָט אייך צו אונדז געשיקט? און ווער זענט איר?

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ פרעמד קול: ער האָט זיך דערמאָנט אָן די אַנאַרכיסטן־אַנטיכריסטן מיט זייערע באָמבעס... ער איז אָבער היינט געווען דער ראש־המדברים. ער האָט זיך דעריבער אָנגענומען מיטן לעצטן ביסל מוט, וואָס ער האָט נאָך אין זיך פאַרמאָגט און טויבלעך־שטרענג געפרעגט:

— וואָס ווילט איר פון אונדז?

— סלוכייטע, — (הערט) האָט דער פרעמדער געזאָגט, — מיר (ער האָט דאָס וואָרט זייער אונטערגעשטראָכן, ווי „מיר" וואָלטן געווען די וויכטיקסטע מענטשן אין דער וועלט) מיר האָבן געהערט, אַז איר גרייט זיך צום שניט, בין איך אייך געקומען וואָרענען: גיט איבער אַלע אייערע זיעמליאַקעס — פאַדערן אַ רובל אַ טאָג, אָבער — פונעם פערטן סנאָפּ.

דער פרעמדער האָט אָפּגעזאָגט זיינס און אַנטשוויגן געוואָרן. עס האָבן אויך געשוויגן די באַלעבאָטים און מען האָט אין שטילן, נאָכטיקן פעלד געהערט זייערע שווערע, אומרואיקע אָטעמס. צו אַרסענען, וואָס איז געשטאַנען נענטער ווי אַלע צום פרעמדן האָט זיך צוגעשאַרט סעמען סטאַרושקיעוויטש. האָט זיך שוין אַרסען דערפילט שטאַרקער און געזאָגט ביטרע:

—נו, אַ יעסליי־ב טאַק פּאַספּאַרטשיק פּאַפּראָסיט או וואָס?... (און מען זאָל אייך אַ שטייגער פרעגן אויף צייגניש?)

— שטשאַ ?! — האָט זיך דער פּרעמדער פּריילעך צעלאַכט. — אויף וואָס דאַרפט איר דאָס, ליודי דאָברי ? (גוטע מענטשן)

פון זיין וואַרעמען געלעכטער איז ביי די אָטשערעטניער די מורא אַפּגעגאַנגען. אַ חוץ דעם איז דאָך דער פּרעמדער געווען איינער, און זיי — גאַנצע פינף מאַנסבילן און נאָך דערצו ביי זיך אויף די אייגענע פעלדער. סטאַרושקיעוויטש האָט זיך דערמאַנט אָן די יאָרן, ווען ער איז געווען סטאַראָסטע און ער האָט מיט אַן אָפיציעלן טאָן דערקלערט:

—יאַק פּאַספּאַרטאַ נע מייעטע, טאַ מי וואַס אַרעסטויעמאַ (אויב איר האָט ניט קיין צייגניש, אַרעסטירן מיר אייך)

דער פּרעמדער האָט פּלוצים אַרויסגעכאַפּט פון זיין קעשענע אַ גרויסן, שוואַרצן רעוואָלווער און, אַנשטעלנדיק אים אויף סעמענען, געפרעגט:

— אַ צע באַטשילי ? (און דאָס האָט איר געזען ?)

סעמען האָט זיך אַפּגערוקט און אַנגעהויבן צו שטאַמלען:

— טאַ יאַ, טאַ יאַ...

סעמען איז געגאַנגען צוריק און דער פּרעמדער — אויף אים. סעמען האָט עפּעס געשטאַמלט, ער האָט אַליין ניט געוואוסט וואָס און דער פּרעמדער האָט אַנגעהויבן צו ציילן: „רראַז !" (איינס) סעמען האָט זיך שוין געוואָלט אומדרייען און אַנטלויפן. ער האָט אָבער מורא געהאַט, דער פּרעמדער זאָל אים ניט שיסן אין דער פּלייצע... ער האָט געהערט, ווי דער פּרעמדער האָט שוין געציילט „דוואַ" (צוויי) און נאָכדעם — ווי לאַנג האָט עס גענומען ??? — ביז ער האָט דער־הערט „טררריי !"

סעמען האָט זיך האַסטיק געטאָן אַ דריי אויס און אַנגעהויבן צו לויפן. הינטער זיך, האָט ער געפילט אין דער פינצטער שטעקן מיט דער שרעקלעכער עפענונג צו זיין פּלייצע, דעם גרויסן שוואַרצן רע־וואָלווער. פאַר אים איז די געדיכטע פינצטערניש געשוואומען און ער איז ווי געפאַלן אין איר טיפעניש... ער האָט געזוכט זיינע זיעמליאַקעס, אָבער קיינער פון זיי איז דאָ ניט געווען. ער איז געלאָפן און געלאָפן, זיך פאַרטשעפּעט אין אַ הרודע, שיעור געפאַלן. ער האָט זיך פּרובירט אויסגלייכן, אויפהייבן, כאָטש ער איז גאַרניט געפאַלן, עס איז אים אויסגעקומען, ווי די ערד שלעפּט אים אַרונטער. ערשט הינטערן דאָרף האָט ער אַנגעיאָגט זייניקע.

# קאַפּיטל פערציק

די זענען געגאַנגען און האָבן געשוויגן. דער ערשטער האָט זיך אָנגערופן מאַקאַר. ער האָט פּלוצים, עפּעס אַזוי ווי אַ דערשלאָגענער און אַן איבערגעשראָקענער געטאָן אַ שטילן און אַ נאַרישן לאַך.

פּעטראָ קוציובאָ האָט מיט כעס אַ שטורכע געטאָן מאַקאַרן אין דער פּלייצע. יענער איז שיעור געפאַלן, אָבער אַ גוואַלדיקער שטראָם געלעכטער האָט אים געשטיקט און איצט, נאָכן שטויס האָט זיך דער געלעכטער אַרויסגעריסן פון מאַקאַרס האַלדז און זיך דריבנע צעשאָטן איבערן גאַנצן דאָרף.

— צאַפּאַם סמי־יעטסיאַ, — (לאַכט ווי צאַפּ) האָט סטאַרושקיע־וויטש בייז געזאָגט.

— ווייל ער איז אַ נאַר — האָט אַרסען פאַרענטפערט מאַקאַרן, אָבער דער דערשלאָגענער פויער, וואָס האָט קיינמאָל ניט געוואַגט אַ וואָרט אַרויסצורעדן צווישן מענטשן און לייט האָבן געשמועסט, אַז אַפילו זיין אייגן ווייב, די בלינדע דאַרקע, שלאָגט אים. ער האָט איצט געהאַט אַ גוואַלדיקע הנאה פון זייער אַלעמענס מורא.

אַרסען האָט פאַרטראַכט געזאָגט:

— און דאָס האָט נאָך גערעדט אויף אונדזער לשון. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, וועמען אַרסען מיינט. דער ראש המדברים האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיט אים אַלע איבעריקע. אַרסען האָט עפּעס אָנגע־הויבן פרעגן סעמענען, אָבער יענער האָט זיך געטאָן אַ דריי אויס, ווי זיי וואָלטן אים געוואָלט כאַפּן און אַוועק רעכטס, הינטער די גערטנער.

— פּערעליאַקאַלי טשאָלאָוויקאַ, — (איבערגעשראָקן אַ מענטשן) האָט דער אַלטער קוצאַק באַזאָרגט געזאָגט. האָט אַרסען דערויף פילאָזאָפירט:

— גאָט ווייס, וואָס מיט אונדז וועט נאָך זיין!... אַלע צרות קומען אויפן פראַוואָסלאַוונע פאָלק.

די פיר זענען אַריין אין דאָרף. עס איז געוועזן שטיל, אָבער פון ערגעץ האָבן זיך געהערט מענטשלעכע שטימען. אונדזערע העלדן

האָבן זיך געלאָזט גיין צו יונה׳ס שטיבל, ווייל פון דאָרט איז דער רויש געקומען. די מענטשן האָט מען אין דער פינצטער ניט געקענט זען, אָבער ציגאַר־פייערלעך האָבן פון ווייטן שוואַך געבליקט און זיך געלאָשן, אויפגליענדיק צוריק מיט קליינע, רויטלעכע פונקעלעך.

פון ווייטן האָט זיך שוין געהערט סטעפאַן מורדיוקס שטים:

— ...עס קומען שוין אַנדערע צייטעלעך, — האָט ער אַנגע־שטרענגט הויך גערעדט. — די שטאָטישע מענטשן!...

מאַקאַר יאַגניציאַ, וואָס איז די גאַנצע צייט פונעם שפּאַציר אין די פעלדער, געגאַנגען אַן אַ זייט פון די חשוב׳ע באַלעבאַטים, האָט איצט, דערהערנדיק סטעפאַנס קול זיך דערפילט גאָר היימיש. ער האָט איבערגעלאָזט זיינע מיטגייער און, אַ ווילדער, צוגעלאָפן צו דער הראָמאַדע.

דער קליינער, ניט־אַנגעזועענער מאַקאַר האָט חשק באַקומען איבערצושרעקן די גאַנצע סכאָדקע.

— האָספּאָדי, האָספּאָדי! — האָט ער אין שרעק אויפגעהויבן זיינע פויסטן — פערעליאַקאַלי טשאָלאָוויקאַ רעוואָלוועראָמי טיי באָמ־באָמי! (גאָט! מען האָט איבערגעשראָקן אַ מענטשן מיט רעוואָלווערן און באָמבעס!)

מאַקאַרן איז ענג געוואָרן: מען האָט אים אַזוי ענג אַרומגע־שטעלט, אַז עס איז אים געוואָרן שווער צו אָטעמען. פון אַלע זייטן האָט מען זיך נאָך אַלץ גערוקט אויף אים . . .

— אָט, זאָלן זיי אייך דערציילן, — האָט מאַקאַר באַקרעפטיקט זיינע באַהויפּטונגען, טייטלענדיק אין דער פינצטער אויף זיינע מיט־גייער, כאָטש ער האָט זיי ניט געזען — זאָלן זיי אייך זאָגן. אין פעלד באַגעגנט! אַ גרויסער, אַ שוואַרצער, איינגאַנצן אַרומגעלייגט מיט באָמבעס און רעוואָלווערן, אַ, האָספּאָדי, אַ, האָספּאָדי!

סטעפאַן מורדיוק האָט זיך קוים דורכגעשטופּט צום דערציילער און געפרעגט: „און וואָס האָט ער געזאָגט?״

— אַ רובל אַ טאָג, אַ רובל! — האָט מאַקאַר מיט זיין צאַפּן קול געשריען — ביים הייליקן צלם, אַ רררובל! — האָט ער זיך אַזש פאַרכלינעט.

פון דער פינצטער האָט סטעפאַן שאָסטאַפּאַל, אַ דעסיאַטסקי, זיך בייז אָנגערופן:

— און פאַראָוואָס האָט איר אים ניט אַרעסטריט?

ערשט האָט זיך מאַקאַר צעלאַכט פריי און ווילד, עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט קיינמאָל ניט אויפהערן. ער האָט שוין איניקע אַנגעשטעקט מיט זיין צאַפּענעם געלעכטער, אָבער דאַ זיינען צוגעקומען די פיר אַנדערע פונעם פעלד. די פויערים האָבן זיך אַלע מיט איין מאָל געטאָן אַ לאָז און באַלד זיינען שוין סעמען קראָטיק, פּעטראַ, אַרסען און קוצאַק געווען ענג אַרומגעשטעלט פון נייגעריקע, אַנגע־שראָקענע פויערים.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט סטעפּאַן געפרעגט.

— עט, — האָט אַרסען אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און קוצאַק האָט געזאָגט:

— טשוט טשאָלאָוויקאַ נע זהובילי! (שיר אַ מענטשן אומגע־בראַכט) — און דער אַלטער האָט פאַמעלעכן און אָפּגעהיט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צוגעבן אָדער פאַרפעלן אַ וואָרט, — דערציילט די גאַנצע פּאַסירונג. אַרסען האָט אומצופרידן געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין: אים איז קוצאַקס געשיכטע אויסגעקומען ניט מוראדיק גענוג און ער האָט די גאַנצע מעשה נורא איבערדערציילט אויף זיין שטייגער. אויך סעמען קראָטיק האָט זיך געריסן צו דערציילן . . .

— א זהאַרי טי יאָמו (אַ, פאַרברענט זאָלסטו אים ווערן!), — האָט ער אָנגעהויבן, באַלד ווי ארסען האָט געענדיקט — קוקט אייך גלייך אין די אויגן און רעדט נאָך אונדזער לשון . . . ארסען צו אים אויף רוסיש, אַזוי איידל פיין, און ער ארסענען פּאַ כאַכלאַצקי: „גע־שיקט, זאָגט ער האָט מען מיך צו אייך מאַכן ביי אייך אַ טאָלק, אַזוי צו זאָגן, עפענען אייערע בלינדע אויגן, אַזוי צו זאָגן און, און . . .

— אַ ווי שטשאַ? אַ ווי שטשאַ? — פאַלט אים מורדיוק אַריין אין די רייד.

— אַ מי ניטשאָהאָ, — (און מיר גאָרנישט) פאַרענטפערט זיך סעמען. און אַלע הערן, ווי מאַקאַר לאַכט שוין מיט זיין צאַפּן־געלעכטער.

— א יאַ, — קערט זיך אום ארסען צו זיין געשיכטע — און איך פרעג אים: „און אַ פּאַספּאָרטשיקל האָט איר, גאַספּאַדין דוואָינאַגלאַזי? (הער טאָפּלאויגיקער)".

— דוראַק! — שרייט מורדיוק — און נאָכאַמאָל: — דוראַק!

אַרסען קוקט איצט אויף זיך, ווי אויף אַ געליטענעם פאַרן וואוילזיין פונעם פאָלק. ער זאָגט באַליידיקט:

— איך וועל זיך ביי דיר קיין שכל ניט לערנען! — אָבער קיינער הערט ניט דעם חשובן גראַמאַטנע פויער. זינט יענע „סטראַזשניקעס" האָבן „אַרעסטירט" סטעפּאַנען, איז ער געוואָרן דער אמתער חשוב. ער דרשנט:

— ליודי דאָברי! מען ווינטשעוועט אונדז גוטס, און מיר פאַרשטייען ניט. זיי האָבן מיט זייער מוזשיצקע לאַפּע פאַרטריבן אַ פריינט אונדזערן, אָבער זיין געדאַנק איז דאָ! איר הערט, ליודי דאָברי? זיין געדאַנק, — ווייזט אָן סטעפּאַן מיט אַ פינגער זיך אויפן שטערן, אויפן האַרצן און די אויגן . . . ער קלאַפּט זיך מיטן פויסט אין האַרצן און שרייט: — דאָ און דאָ און דאָ און דאָ! . . .

# קאַפּיטל איין און פערציק

יעדער מאַנצביל, וואָס איז ביי דער היינטיקער אויסערגעוויינ־לעכער סכאַדקע געווען אַן דער ווייב, האָט, קומענדיק אַהיים, איבער־דערציילט פאַר זיין באַבאַ די אויסטערלישע געשיכטע מיטן פרעמדן. און די מענער, וואָס האָבן היינט צוזאַמען מיט די ווייבער געהערט די אומגעוויינלעכע פּאַסירונג, האָבן ערשט, קומענדיק אַהיים, באַנומען די גאַנצע מוראדיקייט. מען האָט זיך שוין אין איין וועגס דערמאָנט אַן די „סטראַזשניקעס" און כמעט די גאַנצע נאַכט איז אַריבער אין רעדן און איבערערעדן די שרעקלעכע צייטן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען פאַרן רעכטגלייביקן פאָלק.

פאַרטאָג, ווי נאָר מען האָט געכאַפּט דעם ערשטן זיסן שלאָף, האָט זיך איבער גאַנץ אַטשערעטניע צעטראָגן פּאַווליוקס קול. יעדעס וואָרט האָט דער וועכטער אויסגעזונגען באַזונדער און אין יעדן וואָרט האָט ער איין זילבע לאַנג־לאַנג אויסגעצויגן. עס איז אויסגעקומען, אַז פּאַווליוק וויל, מען זאָל אים הערן ניט נאָר אין אַטשערעטניע, — נאָר אויך אין די אַרומיקע, שכנותדיקע דערפער . . .

— ווי כאַ־אַ־אַ־אַאַדטע זשאַ־אַ־אַ־אַטע פּשיני־י־י־יציו! טשאָטי־י־י־רנאַנציאַטי סני־י־י־יפּ, וויכאַד, וויכאַ־אַ־אַד! (קומט ארויס שניידן ווייץ! פונעם פערצנטן גאַרב! אַרוי־ויס!).

פּאַווליוק איז געזעסן רייטנדיק אויף אַ שיינעם דינפּיסיקן שפּאַק. דאָס טונקל־גרויע פערד מיט די גאָר טונקעלע גרויע פלעקן איז שטיל געגאַנגען אינעם קילן, וויכן שטויב, וואָס איז קוים באַפייכט געווען מיט טוי און זיך איינגעהערט אין פּאַווליוקס געשריי. און דער פויער האָט זיך צעזונגען וואָס ווייטער, אַלץ העכער, אַלץ הילכיקער. ער האָט געקוקט אין אַלע זייטן און קיינעם ניט געזען. ער האָט איבער־געריסן זיין רוף און זיך איינגעהערט. ערגעץ האָט מען געשטאָלט אַ קאָסע, אַ שווערער טויער האָט געסקריפּעט, אָבער נאָכן סקריפּ איז נאָך שטילער געוואָרן. דאָרט, הינטערן דאָרף איז איבערן פּריצישן גאָרטן די זון אויפגעגאַנגען.

פּאַווליוק האָט זיך דערפילט היימלעכער און ווידער גערופן דאָס פּאָלק צו דער אַרבעט. אויף אונטערגעבן חשק דעם פֿאָלק, האָט ער אפילו אָנגעהויבן צוצווזינגען: „דען ווסטאַיע, סאָנצע פּעטשע, וויכאָד, וויכאָ־אָ־אָד!" (דער טאָג שטייט אויף, די זון ברענט, אַרויס, אַרויס־וי־ויס!).

ער איז שוין באַלד דורכגעפּאָרן דאָס גאַנצע ווינקל, און קיינער איז ניט אַרויסגעקומען. ער האָט געגאַפּט. ער האָט אויפגעהערט צו רופן און באַטראַכט די נידעריקע, מיט טונקעלער שטרוי געדעקטע שטיבלעך . . . ער האָט זיך דערמאָנט אָן די אַנאַרכיסטן . . . דאָס איז זייערס אָ שטיקל אַרבעט, ניט אַנדערש. די הייזלעך זיינען געווען פאַר־מאַכט און עס האָט זיך פּאַווליוקן אָנגעהויבן צו מאָלן, אַז אָט די כלומרשט־פּויערישע כאַטעס זיינען אין דער אמתן פֿאַרכאַפּט געוואָרן פון די אומריינע אַנאַרכיסטן און אָ באַמבע קאָן אַרויספליען פון ער־געץ, און ניט איין באַמבע, — נאָר אָ גאַנצער מבול מיט שוואַרצע באַמבעס.

פּאַווליוק האָט געלאָזט לויפן דעם שפּאַק צוריק צום פּריצישן הויף צו. צו פאַרטרייבן די מורא, האָט ער זיך ווידער צעזונגען: דען ווסטאַיע, סאָנצע פּעטשע, וויכאָד, וויכאָ־אָ־אָד! (דער טאָג איז אויף, די זון ברענט, אַרויס!).

מיטאַמאָל האָט ער דערהערט אָ מאָדנעם רויש, ווי מען וואָלט פאַר זיינע אויגן אָ פּאַך געטאָן מיט אָ גראָבן שטעקן. ער האָט אָ יאָג געטאָן דאָס פערד און באַלד דערהערט, ווי אָ שווערער שטיין איז געפאַלן לעבן אים. פּאַווליוק האָט אָ טרייב געטאָן דעם שפּאַק און, אָ שווייגנדיקער, אַוועק צום פּריצס הויף.

ער האָט זיך מורא געהאַט אומצוקוקן, אָבער ווען ער האָט דער־זען די פּריצישע פּאַקאַיעס פון איין זייט וועג און אויף דער אַנדערער זייט — אַלע פּריצישע געביידעס, די שטאַלן, די שייערן, די סטויגן שטרוי, היי און תבואה, האָט ער זיך דערפילט זיכערער און ער האָט אַזוי, זיצנדיק אויפן פערד, זיך אומגעקוקט צום דאָרף, אויפגעהויבן אָ פויסט און שוין גרייט געווען צו זידלען און צו שעלטן, איז ער אַזוי מיט דער אויפגעהויבענער האַנט אין דער לופטן געבליבן קוקן, אָ געפּלעפּטער: פון אָ סך הייזער און דורך די גערטנער זיינען מענטשן ערגעץ געלאָפן. זיי זיינען זיך צונויפגעקומען צו צווייַ, צו דריי און צו עטלעכע און אַלע זיינען געגאַנגען צום סטעפּאַקל, ביי יונהס שטיבל.

פּאַווליוקס האַנט איז אַראָפּגעפאַלן דעם פערד אויפן האַלדז. דער שפּאַק האָט אויפגעציטערט, אויסגעצויגן דעם לאַנגן, דינעם קורצגע־שוירענעם האַלדז און אומרואיק אַ שטילן הירזשע געטאָן.

„אַן אומריינער כוח האָט זיך אין אונדזער דאָרף אַריינגעכאַפּט", האָט פּאַווליוק בייז און מיט שרעק אַ זאָג געטאָן, ווי ער וואָלט גע־רעדט צום פערד. ער האָט פאַרלוירן געקליפּעט מיט די גרינלעכע אויגן, צוזעענדיק, ווי די הראָמאַדע (מאָסע) איז געוואַקסן לעבן יידנס הויף. ער האָט בייז אָפּגעמאָסטן דאָס פערד. דער שפּאַק האָט דער־פילט דעם כעס פונעם רייטער. דער לינקער אויער האָט ביי אים זיך אומרואיק אָנגעשטעלט אויף צוריק אין דערוואַרטונג...

— וואָס שטייסטו, שלאַנג? — האָט פּאַווליוק אַ געשריי געטאָן און מיטן גאַנצן כוח אַ זעץ געטאָן דעם שפּאַק איבערן קאָפּ. דאָס פערד האָט פון ווייטיק אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, געדרייט מיט אים אין אַלע זייטן און אָנגעהויבן גיין אויף צוריק און זיך דרייען אויף איין אָרט און פּאַווליוק האָט שוין אין כעס און אין שרעק געשלאָגן מיט ביידע פויסטן דאָס פערד. דער שפּאַק האָט געפאַרשקעט, און זיך שטום געבעטן ביי פּאַווליוקן, אָבער דער צעווילדעוועטער פויער האָט אים מיט די אָדערדיקע פויסטן געמעלויצעט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט שוין די הענט ניט געפילט. דעמאָלט איז דער שפּאַק אויך ווילד געוואָרן. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די פאָדערשטע פיס אין דער ווייכער ערד און מיט די הינטערשטע פיס געגעבן אַ וואָרף אין דער לופטן איין מאָל און נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל. נאָכדעם האָט דער שפּאַק אָנגעהויבן אַ ווילדן טאַנץ — פריער אויף די הינטערשטע פיס, נאָכדעם — אויף די פאָדערשטע — אַראָפּ און אַרויף, אַראָפּ און אַרויף, העכער און ווילדער, ביז פּאַווליוקן האָט זיך דער קאָפּ פאַרדרייט. זיינע הענט, וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט געקלאַמערט אין דער קורצער האַרטער גריווע פונעם שפּאַק, האָבן שוואַך נאָכגעלאָזן. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און אַ גליטש אַרונטער אַ ביסל, פריער — אויף איין זייט, נאָכדעם אויף דער צווייטער זייט, נאָכדעם — אין דער לופטן מיט אַ זעץ אַרונטער און — ווידער אין דער לופטן . . . אַ וואַקל געטאָן זיך און ער האָט דערביי געפילט, ווי די גאַנצע ערד וואָלט זיך מיט אים אַ וואַקל געטאָן, אַ וואַקל און אַ גליטש — און אַלע שטיבלעך מיט די פּריצישע געביידעס האָבן גע־טאָן אַ גיי אין אַ זייט אַוועק אַרויף־אַרויף און פּאַווליוק איז אַראָפּ און דערהערט אַ קלונג הינטער זיך.

# קאַפּיטל צוויי און פערציק

מאַקאַר האָט געוואוסט, אַז היינטיקס יאָר איז ניט אַזוי ווי אַלע יאָר, זינט ער געדענקט זיך. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז צוריק מיט עטלעכע יאָר איז אויך געווען אַ סמוטע (געבראויז) אין פאָלק, אָבער קיין אַטשערעטניע איז דאָס ניט געקומען. און מאַקאַר האָט זיך דעמאָלט ניט געחידושט, מחמת ער האָט אויף זיך געקוקט, ווי אויף אַ פאַרגרעבטן, זינדיקן מענטשן און אַלע אַטשערעטניער זיינען ניט בעסער פון אים . . . און דעריבער, ווען די ווייטע, שרעקלעכע געשע־ענישן פון יענער בייזער צייט, האָבן אויסגעמיטן אַטשערעטניע, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז צוליב דער דאָרפישער פאַרגרעבטקייט האָט גאָט זיי ניט געוואָלט ברענגען צו קיין זינד און זיי אויסגעהיט פון אומ־אָרדענונגען.

איצט אָבער, ווען פשוטע פויערים האָבן זיך אָנגעהויבן צוצוהערן צו פרעמדע מענטשן און אפילו צו יידן און — רעדן אויף נאַטשאַל־סטווע און אויפן קיסר אַליין, — האָט מאַקאַר פאַרשטאַנען, אַז עס איז געקומען אַן אויסערגעוויינלעכע צייט, ווען מען דאַרף זיין פאַרזיכ־טיק און זייער באַהיט מיט יעדן טריט, וואָס מען מאַכט.

און אָט איז אונדזער מאַקאַר געקומען צו אַ שטאַרקן נסיון. ער איז געלעגן און געטראַכט פון דער נעכטיקער סכאָדקע. ער האָט, אַ האַלב־דרעמלענדיקער, זיך געוואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדערער. ער האָט געוואָלט אַנטשלאָפן ווערן אויף דער אמתן און ניט געקענט. ער האָט געפּרואווט אויפשטיין און אויך ניט געקענט.

אין שטוב איז געווען פינצטער מיט דער געדיכטער פינצטער־ניש, איידער עס הייבט אָן צו טאָגן. די ווייב און די קינדער זיינען געשלאָפן. מאַרטאָכע האָט זיך איצט אויסגערוט. זינט דאָס קינד איז געשטאָרבן, איז זי געשלאָפן באַגלייך מיט דער קליינוואַרג. זי איז אפילו געוואָרן שענער.

מאַקאַר האָט זיך איינגעהערט און איינגעהערט. האָט זיך עס אים בלויז געדאַכט, צי האָט ער טאַקע דערהערט רופן צום שניט ? . . .

ער האָט זיך אַזוי, מיט פאַרמאַכטע אויגן אויפגעזעצט און שוין גוט דערהערט פּאַווליוקס קול.

„מען רופט שניידן!" האָט מאַקאַר פריילעך געטראַכט. ער האָט לייכט געעפנט די אויגן. די רעכטע האַנטפלאַך האָט אים געביסן. ער האָט זי מיט דער לינקער האַנט געקראַצט, זיך געקוויקט און צו זיך אַליין געזאָגט: „רוקאַ זשאַטי כאַטשע" (די האַנט וויל שניידן).

ער האָט אַ שטורכע געטאָן די ווייב אין דער פלייצע.

— שטיי אויף, פאַרשלאָפענע!

זי האָט זיך ניט גערירט.

— דאַי באָג זדאַראָוויאַ! (גיב גאָט געזונט), — האָט ער איר צוגעווינטשעוועט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און דערזען, אַז אין שטיבל איז שוין איצט גאָר ניט אַזוי פינצטער. דורך די קליינע פענצטער האָט דאָס ליכט פונעם נייעם טאָג האַטטיק אַריינגעשטראָמט. אין דרויסן איז געווען „ווייסער" טאָג! ביז ער האָט זיך אָנגעטאָן, איז שוין אין שטוב געווען גוט ליכטיק. ער איז אַרויס אין הויף.

פונוויטן האָט ער דערזען פּאַווליוקן אויפן שפּאָק. קיינער איז אים ניט אַקעגנגעגאַנגען. מאַקאַר האָט זיך באַהאַלטן הינטער דער שטוב, אַז פּאַווליוק זאָל אים ניט דערזען.

דאָ האָט ער דערהערט אַ שאָרך. ער האָט זיך איינגעקוקט און דערזען זיין שכן, דיניס קראַוועץ, אַ מיטליעריקער פויער מיט אַ ווייבעריש, געקנייטשט פּנים און געציילטע עטלעכע האָר אויף די לויזע באַקן. די פויערים האָבן זיך פאַרשעמט איבערגעקוקט. זיי זיינען אָבער גיך געקומען צו זיך. זיי זיינען זיך צונויפגעקומען און שוין אין צווייען געשטאַנען און געוואַרט. „דער פערצנטער סנאָפּ" האָט ווי געחוזקט פון זייערע שווערע, אויסגעהאָרעוועטע הענט, אָבער זיי זיינען דאָך געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס וועט זיין. וועלן מענטשן גיין? און נאָך די אַלע סכאָדקעס מיט די „סטראַזשניקעס", מיט די אַנאַרכיסטן, מיט די אַלע שמועסן?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַזוי ווי זיי זיינען געשטאַנען, האָבן זיי דערהערט אַ שאָרך און אַ רירן זיך דאָ און דאָרטן און פון אַלע זייטן . . . איין פויער האָט געוואָרט אויפן צווייטן;

דערווייל האָט מאַקאַר עפּעס באַמערקט. ער האָט פון איין האַנט געמאַכט אַ דעכל איבער די אויגן און דערזען, ווי סטעפאַן מורדיוק און פראָקיפּ סניהור גייען גלייך צו יונהס שטיבל.ביידע

הויכע, דאַרע פּויערים גייען אין געאייל, רעדן הויך צווישן זיך און טראַגן מיט זיך סערפּעס! . . .

— באַטשיש?! (זעסט) — פרעגט מאַקאַר דיניסן.

און דיניס זאָגט גאַרניט. ער לאָזט איבער מאַקאַרן און לויפט גלייך נאָכן סערפּ. קושטש שטייט אַ ווײַלע און ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט זיינע גרויסע, ליידיקע הענט. ער קוקט אַהין און קוקט אַהער און ער זעט, ווי דאָ און דאָרט באַוויַיזן זיך שכנים און שכנות, און אַלע, ווער מיטן גלייכן וועג און ווער דורך די גערטנער, אַ פּאָר־גנבעטער, — גייען צו יונהס שטוב.

מער קען שוין קושטש ניט איינשטיין. ער לאָזט זיך אין קאַמער אַריין, טאַפּט אָן אין דער טוכלער פינצטערניש דעם סערפּ און גייט אויך אַהין, וואו אַלע לייט האָבן זיך פאַרזאַמלט.

נאָך פונדערווייטן האָט מאַקאַר דערהערט אָן אומרואיקן רויש צווישן די פאַרזאַמלטע. עס איז אויסגעקומען, ווי אַלע וואָלטן דאָרט גערעדט מיט איין מאָל.

מאַקאַר איז צוגעקומען. סטעפּאַן מורדיוק און פּראַקיפּ זיינען אים פאַרלאָפן דעם וועג און, ווי אָן אַרעסטירטן, אים אַריינגעשפּאַרט אין עולם אַריין.

— זאַכאַרענקאָ! זאַכאַרענקאָ! — האָט מען פון אַלע זייטן געשריען.

— פון ווייטן איז אָנגעקומען זאַכאַרענקאָ. זיינע גרויסע שטיוול זיינען געווען פריש אויסגעפּוצט. דאָס ווייסע העמד האָט געשע־מערירט און געלאָכט מיט רויטע פיליקעס (אויסגענייטע בלומען). אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן עטלעכע גאַרבן־בענדער און אין דער אַנדערער האַנט — אַ קרומען, גלאַנציקן סערפּ.

דער עולם האָט זיך ביסלעכוויַיז איינגעשטילט. דערצו זיינען נאָך סטעפּאַן און פּראַקיפּ אַרומגעלאָפן און אָן אויפהער איינגעשטילט די פּויערים.

זאַכאַרענקאָ איז צוגעקומען און זיך העפלעך געגריסט.

סטעפּאַן מיט פּראַקיפן זיינען אים אַקעגנגעלאָפן. ער האָט זיי עפּעס שטיל געזאָגט. זיי האָבן זיך איינגעקוקט אין עולם, אויסגעקליבן עט־לעכע פּויערים און מיט אַ וואונק זיי באַפוילן זיי נאָכצוגיין. די פּוי־ערים האָבן זיי געפאָלגט. די גרופּע האָט זיך גע׳סוד׳עט. נאָכדעם האָבן זיי זיך צעטיילט און זיינען אַוועק אין עטלעכע פאַרשיידענע ריכטונגען. דער פאַרגאַפטער עולם האָט געקוקט אויף זאַכאַרענקאָן. אַרסען האָט זיך איינגעשטעלט און געפרעגט:

— מעגן מיר אויך וויסן, וואוהין דו האָסט זיי פאַרשיקט?

— ניט „פאַרשיקט", — נאָר געשיקט צו באַוואַכן אַלע ווינקלען, אַז אַ פאַרדאַרבענער זאָל ניט לויפן אַפּטראַגן, וואו מען דאַרף ניט.

— איר ווייסט, וואָס איר טוט? — האָט אַרסען גיפּטיק געאירצט זאַכאַרענקאָן.

זאַכאַרענקאָ האָט אים ניט געענטפערט. ער האָט צוגערופן סעמען קראַטיקן און אים אויך עפּעס איינגערוימט אויפן שוואַרצן אויער.

סעמען איז אַוועקגעגאַנגען צו יונהן אין שטיבל אַריין. ער איז באַלד אַרויסגעקומען פון דאָרטן און געזאָגט זאַכאַרענקאָן:

— באַאיטסיאַ, דורנאַ. (האָט מורא, די נאַרישע).

— גיי איך אַליין! — האָט זאַכאַרענקאָ געזאָגט מיט אַזאַ טאָן, ווי פאַר אים וואָלט ניט געפּאַסט דורכפירן קראַטיקס אַ שליחות, אָבער פאַרן פאָלק איז ער זיך מקריב. ער איז אַריין אין יונהס שטיבל און באַלד אַרויסגעקומען פון דאָרט מיט אַ הויך, שווער בענקל. דעם סערפּ מיט די פערעוועסלעס האָט ער געלאָזט ביי יונהן און מיטן שווערן, רויט־געפאַרבן בענקל אַריין אין עולם. ער האָט זיך געשטעלט אויף דעם און געפרעגט: — טשי ווי טשולי? (האָט איר געהערט?) „דער פערצנטער סנאָפּ!" אַזאַ חוצפה איז נאָך ניט געהערט געוואָרן! ווער גייט שניידן פונעם פערצנטן סנאָפּ? — זאַכאַרענקאָ האָט געוואָרט. אויף אים האָבן געקוקט קיילעכדיקע אויגן. אין אייניקע האָבן זיך געוויזן טרערן. — זאַכאַרענקאָ האָט מיטאַמאָל אויסגערופן: — ניט שוויגן דאַרף מען! זאָגט: ווער גייט אַרבעטן פאַר אומזיסט? און ביז וואַנען, גוטע מענטשן, וועלן מיר דאָס ליידן? ביז וואַנען, האַ? האַ!? — האָט ער אַ קרעכץ געטאָן, ווי אַ האָלצ־העקער ביי דער אַרבעט. — די בעסטע, די פעטסטע ערד האָט דער פּריץ! דער וואַלד — דער פּריץ; די מיל — דער פּריץ; דער פּרוכט־גאָרטן מיטן באַשטאַן (גאָרטן פון אוגערקעס, קאַווענעס און דיניעס) דעם פּריצס; דער וואַלד און דאָס קליינע וועלדל — אַלץ פּאַנסקע! און מיר, דאָס גאַנצע דאָרף, דאָס גאַנצע האָרעפּאַשנע פאָלק, — וואָס האָבן מיר? אונדז שטאַרבן קינדער אויס פון הונ־גער! מיר ווערן ווינטער אויסגעפרוירן און געשוואָלן פון קעלט און פון הונגער! ליודי דאָבריִ! (גוטע לייט) — האָט זאַכאַרענקאָ אויס־געררופן, — מיר דאַרפן זיך אַלע צונויפנעמען און גיין צום פּריץ און פאָדערן פון אים טאָג־אַרבעט! איר הערט, ליודי דאָבריִ? טאָג־

אַרבעט און — אַ רובל אַ טאָג! קאַרבאָוואַנעץ וו דען אי סאַנצע גריע!
(אַ רובל אַ טאָג — און די זון וואַרעמט).

„ליודי דאָברי! מען האָט זיך שוין גענוג נוקם געווען אָן אונדז! מיר ווילן מער ניט, מיר קאָנען מער ניט לײַדן! ווען איך זאָל דאָ שטיין דרײַ טעג און דרײַ נעכט, וואָלט איך אײַך ניט געקענט איבער־געבן די נויטן און די לײַדן, וואָס מיר שטייען זיך אויס! דאַרף איך עס אײַך זאָגן? זאָגט איר מיר! אנו, ווער וויל זיך אויסרעדן דאָס ביטערע, פאַרפײַניקטע האַרץ?

זאַכאַרענקאָ איז שטיל געבליבן און באַטראַכט די פּויערים. זיי האָבן שטום געשוויגן: אַלע האָבן געקוקט אויף זאַכאַרענקאָן און גע־וואַרט, ער זאָל ווײַטער רעדן, אָבער ער האָט זײַנע האַרציקע ווערטער מער ניט געזאָגט. דאָ האָבן די פּויערים באַמערקט, ווי אַרסען רוקט זיך צום בענקל. ער איז צוגעקומען און זיך גענומען רעדן.

— אַרויף אויפן בענקל! — האָט זאַכאַרענקאָס שוואָגער, דער שוואַרצער מאַקסים מיט חוזק אויסגעשריען.

— אַרויף!

— אַרויף! — פריילעכע, שפּאָטישע און כעסדיקע קולות האָבן געשריען צו אַרסענען: „אַרויף!“ אַלץ העכער און לעבעדיקער. אויף די האַרטע, הונגעריקע, ניט־אויסגעשלאָפענע פּנימער האָט זיך גע־וויזן אַ שמייכל.

אַרסען האָט זיך געבעטן:

— פון דאַנען קען איך אויך רעדן!

— אַרויף!

— אַרויף! — מען האָט אים ניט געלאָזט רעדן.

אַרסען איז אַרויף אויפן בענקל. ער איז געוואָרן אַזוי רויט, אַז די רויטקייט איז אים אַרײַן אין די בלויע אויגן. עס איז אים געוואָרן הייס. ער האָט געהאַט בדעה צו דערווייזן דעם עולם, אַז ער פאַרשטייט אַן עסק ניט ערגער פון זאַכאַרענקאָן. זאָל זאַכאַרענקאָ, הייסט עס, ניט מיינען, אַז ער איז געווען אין אָדעס, ווייסט ער שוין, וואָס אויף דער גאַנצער וועלט טוט זיך. ער האָט אפילו גאָרניט קעגן דעם, אַז דעם אָרעמען פאָלק זאָל זיך שוין אָנהייבן לעבן אַ ביסל בעסער און גרינגער, אָבער דאָס האָט געמיינט — צושטימען צו זאַכאַרענקאָן . . . צושטימען — מיינט נאָכבאַמקען. אַרסען קאָן לייענען אַ „קיעווסקי מיסל“ (אַן ערנסטע רוסישע צייטונג) און ער ווייסט אויך עפּעס...

ער איז געשטאַנען און דער עולם האָט געוואַרט. עס איז אויס־געקומען, ווי אַרסען וואָלט מיטאַמאָל דאָס לשון פאַרלוירן. די רויטקייט האָט אויף זײַן פּנים אַ ביסל נאָכגעלאָזן. דערפאַר האָט

אָבער אַרסען געשוויצט מער און מער און ער האָט געהאַלטן אין איין ווישן דאָס פּנים מיטן אַרבל. ער האָט עס געווישט און געווישט און ניט געקענט דערווישן . . .

— יאָ, יאָ ניבע טעיע . . . (איך, איך, הייסט עס, דאָס . . .)

— האָט ער שווער אָנגעהויבן. — איך מיין צו זאָגן, אַז אונדזער פאָלק לעבט זיך שלעכט. — זיין קול האָט זיך געשטאַרקט און ער האָט אפילו אַ געשריי געטאָן: — האַרקאָ נאַם זשי־יעטסיאַ! (ביטער לעבט זיך אונדז!) אָבער, ליודי דאָבּרי! נע קאָזשי: „האָפּ" פּאָקי ני פּערעסקאָטשיש! (זאָג ניט: „האָפּ" ביז דו וועסט ניט אַריבער־שפּרינגען!) זאַכאַרענקאָ ניבע טעיע . . . — אַרסען האָט בייז אָפּגע־מאַסטן דעם פריערדיקן רעדנער — אַ גאַנצער קליגעטשקער! אין אַדעס געווען, וויל איבערקערן אַ וועלט, וויל אונדז אומגליקלעך מאַכן.

זאַכאַרענקאָ, וואָס איז די גאַנצע צייט שטיל געשטאַנען און נאָכגעקוקט אַרסענען מיט אַ שמייכל, — איז מיט איין מאָל געוואָרן אין כּעס און זיך געלאָזט אויף אַרסענען. דער בעל־דרשן האָט זיך אומגעקוקט און געזען, ווי דער עולם רירט זיך ניט און זאַכאַרענקאָ קומט צו נעענטער און נעענטער און די קליינע אויגן האָבן זיך ביים גרויסן פויער אָפּגעשטעלט און אויף אַרסענען אָנגעשטעלט. איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פונעם בענקל און זיך אַריינגערוקט צווישן עולם.

אַ מורמל מיט אַ שטילן געבייזער האָט זיך ווי אַ צוג־ווינט דורכ־געטראָגן פון איין עק סכאָדקע ביזן צווייטן. אויפן בענקל איז שוין געשטאַנען אַ נייער, אַ האַלב־פּרעמדער פון אַ שכנותדיקער פערמע, פון דער באַרדאָשיוווקע, אַ לאַנגער, טרוקענער גוי מיט אַ דין שאַרף קול און געשריען:

— גוטע מענטשן! אַרסען האָט מורא, — זאָל ער זיך באַהאַלטן ביי דער ווייב אונטערן קלײדל! — פויערטעס האָבן זיך מיט די עלנבויגנס פאַרשטעלט די אויגן און מאַנצבילן האָבן הויך מיט הנאה געלאַכט. דער באַרדאָשיווקער איז נאָך תּקיפער געוואָרן. — איך זאָג, אַז מיר שטאַרבן אַלץ איינס פון הונגער! מען מוטשעט אונדז סיי ווי סיי! לאָמיר זשע אַלע גיין צום פאַרשאַלטענעם פּריץ און פאָדערן טאָג־אַרבעט און אַ רובל אַ טאָג! לאָמיר כאָטש פּרוּוון, לאָמיר ווייזן אונדזער כּוח! ליודי דאָבּרי! גלאָס נאַראָדאַ — גלאָס באָזשי! (דאָס קול פון פאָלק איז דאָס קול פון גאָט). אַז מיר וועלן היינטיקס יאָר אַרבעטן פונעם פערצנטן סנאָפּ, — וואָס וועט שוין זיין איבעראיאָר? ווער וועט זאָגן דעם פּריץ: אַזאָס! (ניט וואָג) און אַז ער וועט אונדז מאַכן פאַר פאַנשטשיזניקעס, ווער וועט אים זאָגן: „ניין?"

זאַכאַרענקאָ איז איצט געשטאַנען לעבן דעם האַלב פרעמדן און זיך געחידושט, ווי קומט צום פאַרמער אַזאַ מענה־לשון?

עס האָט זיך שוין דערווייל געריסן עפּעס זאָגן אפילו מאַקאַר קושטש. טאַקע ניט קיין גרויסער בעל־דברן, אָבער פאָרט אַן אייגענער . . . ער איז גלייך אַרויף אויפן בענקל, זיך אויסגעדרייט מיטן רויטבערדיקן פּנים צו די פריצישע געביידעס, צונויפגעלייגט צוויי גרויסע פייגן און ווילד געשריען:

— דעם פערצנטן סנאָפּ ווילסטו? נאַ־זשע דיר, נאַ! זאָל מען מיך הרגענען, זאָל מען מיך פאַרברענען — איך וועל מער ניט לאָזן באַגראָבן מיינע קינדער פון הונגער! שאַבאַש! (אַ סוף) — האָט ער אויסגעשריען און אַ פּאָר מענטשן לעבן אים אָפּגעשפּיגן, אַרויסברענגענדיק דאָס בייזע וואָרט. — מיר גייען נעמען אַ רובל אַ טאָג!

— אין עולם האָט זיך דערהערט אַן אָנגעבראָכן קוויטשל, וואָס האָט זיך געשטאַרקט און זיך געוואָלט דורכברעכן אַ וועג צום עולם. עס איז געוואָרן אַ געלעכטער: אַלע האָבן דערקאָנט די קרומע, אומריינע דאָמאַכע, די בעטלערין, וואָס האָט ניט געהאָט ניט קיין פעלד, ניט קיין גאָרטן, ניט קיין שטוב, אפילו אַ זעמליאַנקע האָט זי ניט פאַרמאָגט און אַלע אירע יאָרן זיך אומגעשלעפּט און געבעטלט. געשלאָפן איז זי זומער אין די ריוועס, הינטער די גערטנער און ווינטער — אין אַ שטאַל. מען האָט לעבן איר ניט געקענט איינשטיין, אַזוי האָט פון אירע דורכגעווייקטע שמאַטעס געטראָגן מיט איבערגעפוילטן אָפּפאַל. דער אָפּפאַל האָט אַרויסגעקוקט פון אירע אויערן, נאָזלעכער און אפילו פונעם געל־ציינעקן מויל האָט עס געטראָגן, ווי פון אַ קוימען.

— מינולי טי ראָקי, שטשאָ ראָספּיראַלי באָקי! (עס האָבן זיך געפּעלט יענע יאָרעלעך, וואָס האָבן צעשפּאַרט די זייטעלעך!) טראַסציא יאָהאָ דובילאָ מאַ! וועסט גיבן אַ קערבל, גייען מיר אַרבעטן, אַלאַ ניט — אַרבעט אַליין! אַרבעט, אַרבעט מיט דיינע פּאַנסקע, ווייסע הענטעלעך! . . .

דאָס געלעכטער פון די פּויערים האָט זיך ביסלעכוויַיז איינגעשטילט, ווייל סיי זאַכאַרענקאָ, סיי אַנדערע אָנגעזעענע פּויערים האָבן מיט געמאַכטן, צי מיט אמן דרך־ארץ — זיך איינגעהערט אין דאָמאָכעס רייד. זי האָט געליאַרעמט, געקוויטשעט און אירע ציין האָבן שרעקלעך זיך געשטשירעט. זאַכאַרענקאָ האָט אָפּגעוואַרט, ביז די בעטלערין איז אַנשטילט געוואָרן און ער האָט אַזוי געזאָגט:

— ליודי דאָברי! אונדזער אָרעמע דאָמאַכע דערמאָנט אונדז אין אונדזער אָרעם פאָלק: אַלע זײַנען מיר, אַזוי ווי זי, פאַרלאָזן און פאַריתומט! מיר האָבן ניט קיין היים און ביי זיך וואָגלען מיר אום ווי פרעמדע. מיר האָבן קיין רעכט ניט צו טאָן, וואָס מיר ווילן, אפילו ניט זיצן, וואו מיר ווילן! ניט נאָר דאָמאַכע איז אַ בעטלערין — און מע טאָר פון איר ניט לאַכן — מיר זײַנען אַלע בעטלער! און — נאָר דערפאַר, וואָס מיר לאָזן זיך! לאָמיר גיין! דער טאָג שטייט ניט. קומט, קומט!

דאָס פאָלק איז געשטאַנען. דאָמאַכע האָט אויסגעשריען:

— טראַסציאַ יאַהאָ דובילאָ מאַ ז נים! מאַרש, לאָמיר גיין! מיר וועלן אים זײַנע פאַנסקע ביינדעלעך צעטראָגן!

און דאָמאַכע האָט זיך געלאָזט גיין. באַלד נאָך איר האָבן אָוועקגעשפּאַנט: זאַכאַרענקאָ, מאַקאַר קושטש און דער אַנדערער מאַקאַר, וואָס לאַכט מיט אַ צאָפּענעם געלעכטער; דער רויט-פּנימדיקער ראָמאַן, דיניס קראַוועץ . . . די הראָמאַדע האָט זיך געטאָן אַ וויג אַהין און אַהער און ווי אַ וואַסער, איידער עס רייסט אויף אַ בריק, זיך געטאָן אַ שטעל אָפּ מיטן לעצטן אָפּשטעל פון אַ פאַרניכטענדיקן שטראָם . . . און דאָס פאָלק האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט די קרומע שנייד־מעסערס אין די הענט.

מען האָט שווער געטראָטן אינעם ווייכן, וואַרעמען שטויב, אים געריסן מיט די פיס און ער האָט זיך, ווי אַ רויך, געשפּרייט איבער אַלעמענס קעפּ.

די ערשטע עטלעכע מינוט איז מען געגאַנגען שטיל. נאָכדעם האָט עמיצער אַ פרעג געטאָן:

— און וואו איז אונדזער נאַטשאַלסטווא? — אַלע האָבן זיך דערמאָנט אָנעם שטרענגן סטאַראָסטע. ער איז אָבער דאָ ניט געווען. אפילו אַ פּאָר דיעסיאַטסקיס האָבן געפעלט. ראָמאַן האָט מיט זײַן דין ווייבעריש קול געשריען:

— מיר גייען און אַ פּאָר וואוילע יונגען מוזן גלייך ברענגען צופירן דעם סטאַראָסטע! ער איז איינער פון אונדזער הראָמאַדע, מאַרש!

צוויי פּאַרובקעס מיט שטרוי־האָרענע היטשקעלעך פון הינטער די קאַשקעטן האָבן זיך וואוילינגעריש אָנגענומען צו גיין. מיט זיי זײַנען שוין מיטגעגאַנגען נאָך זעקס . . .

זיי האָבן אים געבראַכט צופירן העט שפּעטער, ווען דאָס פאָלק איז שוין געשטאַנען ביים פּריצישן הויף. ער איז געלעגן אויפן בוי-

דעם אין דער פּאַלאַווע (שאַלעכץ פון תבואה־קערנער) און ווען מען האָט אים געבראַכט, האָט ער אויסגעזען זייער דערשלאָגן און אַלץ איבערגעחזרט: „יאָ ז נאַראַדאַם: יאָ טאַזשע בידני טשאַלאָוויק" (איך בין מיטן פאָלק: איך בין אויך אַן אָרעמער מענטש).

דער רויטבערדיקער מאַקאַר האָט געזאָגט:

— מען וואָלט נאָך באַדאַרפט ברענגען צושלעפּן טאַראַסיוקן מיט באַטאַרסקין...

— מירן זיך באַגיין אָן זיי — האָט אים זאַכאַרענקאָ אָפּגע־ענטפערט — מיר דאַרפן דאָ ניט די רייכע.

דערווייל איז מען געשטאַנען ביים הויף, ביים געהויבענעם, צווייגאָרנדיקן רייכן הויף, וואָס אַן אינזשעניר פון אויסלאַנד האָט געבויט. דער הויף איז געווען אַרומגערינגלט מיט גרויסע, שווערע, אַלטע ליפּעס. הינטערן הויף איז געווען אַ רייכער, זומערדיק־פיל־פאַרביקער גאָרטן, וואָס איז געלאָפן באַרג־אַראָפּ, ביז צו די סקאַלעס (שטיינער). די איידלסטע בלומען און די שענסטע פרוכט זיינען אין גאָרטן געוואַקסן און אַן אַטשערעטניער פויער האָט געקאָנט אַריינקומען אַהין נאָר צו דער אַרבעט. דערביי האָט דער פּריצישער גערטנער, אַ ליאַך, אַכטונג געגעבן אויף אים...

דער טויער צום הויף איז געווען געמאַכט פון הויכע, אייזערנע, שפּיצעכדיקע שאַכטען, געפאַרבט אויף טונקל־גרין. דער טויער איז געווען פאַרשלאָסן.

מאַקאַר קושטש האָט מיטן סערפּ אָנגעקלאַפּט אין טויער. עס האָט שאַרף אָפּגעקלונגען. נאָך עטלעכע סערפּן האָבן זיך אָנגע־שלאָגן אָן דער פּריצישער צאַם און דאַמאַכע האָט שוין געליאַרעמט:

— אַרויס, פּריץ־לעבן, אַרויס פון דיינע פּאַקאָיעס! שוין געקומען אַנדערע צייטעלעך אויף דיין פּריציש קעפּעלע!

איר ווילדן געשריי האָבן אונטערגעכאַפּט מאַנצבילשע און פרוי־עך־שטימען און אַלע האָבן זיי אין איין קול געשריען: „אַררררויס!"

די פּאַראַדנע טיר האָט זיך געעפנט. עס האָט זיך באַוויזן אַן אַלטער גרייז־גרויער לאַקיי, וואָס האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ פּריץ. ער איז אַלט, אָבער גלייך ווי אַ זעלנער, צוגעקומען, זיך פאַרנייגט פאַרן עולם און געפרעגט: „וואָס ווילט איר?"

מיר ווילן דעם פּריץ! — האָבן אַ סך שטימען מיט איין מאָל געענטפערט. דאַמאַכעס קול האָט אַלעמען אַריבערגעשריען:

— מיר ווילן אַ דריק טאָן דאָס פּריצישע הענטעלע!...

דער לאַקיי איז אַוועק צוריק. דער עולם האָט אים נאָכגעקוקט, נאָכגעקוקט און ווי נאָר די פּאַראַדנע טיר האָט זיך נאָך אים פאַרמאַכט, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ שרייען מיט אַ קלאַפּן פון די סערפּן אָן אייזערנעם טויער.

ווידער האָט זיך געעפנט די זעלביקע טיר און עס איז ווידער אַרויסגעקומען דער אייגענער לאַקיי און בשעת ער איז געגאַנגען צום טויער, האָט זיך די פּאַראַדנע טיר האַסטיק געטאָן אַן עפן אויף און עס האָט זיך באַוויזן פאָן רעמניצקי אַליין, אַ בלייכער, אַן איבער־געשראָקענער, אָן זיין געוויינלעכער שליאַפּע נאַ בעקרען, מיט אַ הייליק בילד אין די הענט. ער האָט זיך פאַרנייגט פאַרן עולם און זיך איבערגעצלמט און צום לאַקיי האָט ער געזאָגט הויך, אָבער ניט בייז, ווי זיין שטייגער איז געווען:

— עפן פאַרן פּראַוואָסלאַוונע פאָלק דעם טויער: מיר זיינען אייגענע מענטשן.

דער אַלטער דינער האָט געעפנט דעם טויער און דער עולם האָט געטאָן אַ שפּאַר איינס איבערן אַנדערן און מיט אַ ווילדן געברום, דורכגעמישט מיט פרויען־קוויטשן און מאַנצבילשע האַרבע זידל־ווערטער און פיל־מיילערדיקן געלעכטער — אַריין מיט אַ שמאָלן שטראָם אין הויף און זיך באַלד צעוואָרפן, צעגאָסן און פאַרכאַפּט דעם גאַנצן הויף מיט די עטלעכע שטיינערנע טרעפּלעך, וואָס האָבן געפירט צום פּריץ.

פאָן רעמניצקי איז געשטאַנען מיטן הייליקן בילד אין די הענט און זיינע שטרענגע, גראָע, הערשנדיקע אויגן האָבן געקוקט גלייך אויף די אָנגעלאָפענע אויפשטענדלער. ער האָט באַפעלעריש געטאָן אַ הייב דעם קאָפּ און געזאָגט:

— ליודי דאָברי!... — אָבער דאָמאָלסט האָט אים ניט געלאָזט ריידן.

— ביסט אַ פּראַוואָסלאַוונער, זאָגסטו? — האָט זי אויסגע־שריען, — דו, דו פאַנסקע שקורע, דו! ביסט אַזאַ ווי איך זאָגסטו? לאָמיר זשע זיך וויטען ביי די הענטלעך!...

זי האָט זיך דורכגעשטופּט צווישן עולם, וואָס אויף די טרעפּלעך און מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט געגאַנגען גלייך צום פּריץ. זי איז צוגעקומען צו אים. דער ספּעקטאַקל איז געווען אַן אויסער־געוויינלעכער: דער מעכטיקסטער אין דאָרף, אַן אַ היטל מיטן הייליקן בילד אין די הענט און די דערנידעריקסטע אין אירע שמאַ־

טעס מיט איר לאַנגן, אויסגעשטרעקטן אָרעם גלייך אַקעגן זיין פּנים. די פּויערים האָבן געוואַרט. דער פּריץ האָט זיין געזיכט ניט פאַר־דרייט, נאָר זיין ברייט מויל האָט פון עקל געצוקט. ער האָט די האַנט דאַמאַכען ניט געגעבן. אויסמיידנדיק די בעטלערין, האָט ער ווידער זיך געווענדט צו די פּויערים:

— ליודי דאָברי! וואָס ווילט איר?

ראַמאַן האָט אָפּגעענטפערט:

— מיר ווילן אַ רובל אַ טאָג! מיר ווילן ניט אַרבעטן אומ־זיסט! מיר ווילן . . .

אָבער ווייטער האָט אים דער פּריץ ניט געלאָזט ריידן.

— הראַמאַדיאַנע, פּאַנאָוועַ! — האָט ער מיט געבעט געשריען, — איך בעט אייך, פּשעפּראַשעם, פּשעפּראַשעם! באַרואיקט זיך! איך ווייס שוין אייער פאַרלאַנג! לערנט זיך האַנדלען, ווי מענטשן. גייט אייך אַוועק, קלייבט אויס אַ קאָמיטעט, אַ דעלעגאַציע און שטעלט מיר צו אייערע פאָדערונגען. איך וועל זיי באַטראַכטן . . . מיר וועלן זיך אויסגלייכן.

— מיר ווילן שוין אַן ענטפער! — האָט זאַכאַרענקאָ אויסגע־שריען.

— צום באַדויערן — האָט פאַן רעמניצקי אַ נויג געטאָן מיטן קאָפּ אויף אַ זייט. — איך קען גאָרניט טאָן אין אַזאַ ליאַרעם. קלייבט אייך אויס אייערע אייגענע צוויי מענטשן — און לאָמיר זיך דורכריידן.

דער עולם איז געוואָרן שטיל. עס האָט זיך באַוויזן סטעפּאַן מורדיוק. ער האָט געגעבן אַ צייכן זאַכאַרענקאָן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג און ער האָט צו די פּויערים געזאָגט:

— ליודי דאָברי! איך האָב געהערט, וואָס דער פּריץ פאַר־לאַנגט. לאָמיר אַלע אַרויסגיין און אויסקלייבן פון זיך צוויי ערלעכע מענטשן. מיר וועלן זיי איבערגעבן, וואָס מיר ווילן און זיי וועלן דעם פּריץ זאָגן און מיר וועלן וויסן אַן עק.

דער פּריץ האָט נערוועז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. ער האָט אפילו אונטערגעוואונקען מיט די גרויע אויגן . . .

— איילט זיך צו — האָט ער פריילעך געזאָגט — איר קאָנט נאָך היינט פאַרדינען יעדערער באַזונדער אַ גאַנצן רובל.

דאָס האָט געווירקט אויפן עולם און זיי האָבן זיך אַרויסגע־שאַרט פונעם הויף. פאַר דעלעגאַטן האָט מען אויסגעקליבן סטעפּאַנען און אַרסענען און מען האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן זיך ניט לאָזן בויגן, אפילו אַ קאָפּיקע ניט אַראָפּלאָזן פונעם פּרייז! . . .

די שליחים זיינען אַוועק און דאָס גאַנצע אַרבעטנדיקע, דער־נידעריקטע פאָלק האָט דערשטוינט צוגעקוקט, ווי צוויי אָרעמע פשוטע פויערים גייען אַרויף צום פריץ דורך דער פּאַראַדנער טיר. צוערשט איז אַריין פאַן יאַסטרעמסקי, נאָך אים — ביידע דעלעגאַטן און נאָך זיי — דער אַלטער לאַקיי, וואָס האָט די טיר פאַרמאַכט און עס איז געוואָרן שטיל.

---

דער עולם אין דרויסן האָט לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן. מוד־דיוק איז אַרויסגעקומען ערנסט און פאַרביסן. אַרסען האָט געשיינט. די פויערים האָבן זיי אַרומגעשטעלט. אַרסענס מאַגערע באַקן האָבן זיך גערויטלט און די בלאָע אויגן האָבן שטאָלץ און באַנייט געקוקט אויף אַלעמען . . . ער האָט דערציילט:

— . . . פירט ער אונדז אַריין און זעצט אונדז אַוועק אויף צוויי פּליושענע שטולן, מיך אויף איינעם און סטיאָפּען (פון גליקזעליקייט האָט ער פאַרצויגן סטעפּאַנס נאָמען) אין דער אַנדערער. זיץ איך מיר . . . עס איז ווייך און סע שמעקט, סע פאַרדרייט זיך מיר אַזש דער קאָפּ און סטיאָפּע זיצט אויך, ווי נאָך אַ גוטער טשאַרקע (כוסה) און ער — איר האָט געמעגט זען — שטייט איבער אונדז און ציטערט ווי אַ בלאַט און בעט זיך: „ליודי דאָברי, גיט מיר אַ ביסל צייט, לאָמיך זיך באַטראַכטן . . . אייך איז גרינג צו זאָגן . . . איך פיר מיינע געשעפטן און איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מייך באַלעבאַטישקייט . . . לאָזט מיך אַ טראַכט טאָן און אַ קלער טאָן! . . .״

„שטייט ער אַזוי און בעט זיך, און איך טראַכט: „אוודאי מוז ער אַ טראַכט טאָן״ און סטעפּאַן זאָגט: „גוט, מירן זיצן און איר טראַכט״ — אין עולם לאַכט מען צופרידן — ווערט ער דערשראָקן און בעט זיך: „ווי קאָן איך, זאָגט ער, טראַכטן, אַז סע רוישט מיר אין קאָפּ?״ „דאָ איז זייער שטיל, זאָגט סטעפּאַן — מיר ווען אייך ניט שטערן . . . טראַכט אייך, פּריצל, געזונטיקערהייט, וויפל אייער הערצעלע גלוסט . . .״ זעט ער שוין, אַז ער קען גאָרניט מאַכן, הייבט ער זיך אָן צלמען און בעטן, מיר זאָלן אַרויסגיין צו אייך זאָגן, אַז מיר זאָלן זיך צונויפנעמען לעבן יונה'ס שטוב און ער וועט אַהינצו ברענגען דעם ענטפער. שוויגן מיר ביידע. און ער לייגט אַוועק די איקאָנע, גייט צו אונדז און גיט אונדז די האַנט און הייבט אָן „דאָ סווידאַניאַ״ און „דאָ סווידאַניעטשקאַ״ נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל . . . און אַזוי האָט ער אונדז אַרויסבאַגלייט.

סטעפאַן קען שוין מער ניט פאַרליידן אַרסענס התפעלות און ער שרייט אויס:

— פאַן — סוקין סין! ער געפעלט מיר ניט! מיר האָבן אים אָבער אין די הענט!... מיר האָבן ביי אים געפועלט, אַז אין אַ האַלבער שעה אַרום שיקט ער צו אַ תשובה און דערווייל, ליודי דאָברי, קומט צוריק צו אונדזער סכאָדקע.

אַלע זיינען אַוועק צו יונהס שטיבל. פון ווייטן, האָבן זיי געזען, ווי יונהס בענקל איז געשטאַנען אין מיטן סטעפּאָקל. עס האָט אויס־געקוקט, ווי עס וואָלט געוואַרט אויף זיי.

# קאַפּיטל דריי און פערציק

אַרום ביינקל האָבן זיך באַלד אַרומגעשטעלט זאכארענקאָ, מורדיוק פּעטרא, קוציובא, דער אַלטער קוצאק מיטן רויטן לויטערן פּנים און ווייכער, ווייסער באָרד, מאַקאַר קושטש — און דער גאַנצער עולם אַרום זיי. און חוץ דעם האָבן אָנגעהויבן צוקומען נאָך פּויערים און פּויערטעס, יונגוואַרג און אפילו קינדער. אייניקע פּויערטעס האָבן אפילו קליינוואַרג געבראַכט מיט זיך.

די הראָמאַדע איז געוואַקסן. צו די מענערשע אויסגעשרייען און גראָבע זידלערייען זיינען צוגעקומען העלע קינדערשע קעלעכלעך. קליינוואַרג האָט געשטיפּט און פּיצלעך קינדער האָבן זיך געריסן אַרויף מיט זייערע הענט, ווי מיט פליגל. אייניקע גרעסערע קינדער, וואָס האָבן געוואָלט זען די גאַנצע אויסערגעוויינלעכע פאַרזאַמלונג, זיינען געקראָכן אויף יונהס פּלויט און אים געדיכט באַזעצט. אָבער דאָס איז נאָך די ווייסע חברהניקעס געווען ווינציק און אַ סך פון זיי זיינען אַרויף אויף די ווײַנשל־בוימלעך און אַ פּאָר זיינען אפילו אַרויף אויפן דאַך.

די יונהכע האָט פאַרשפּאַרט די דרויסנדיקע טיר אויף ביידע קליאַמקעס און אפילו זי פאַררוקט מיטן גראָבן שטעקן. זי האָט פאַר־האַנגען די פענצטער, געהאַלטן די קינדער לעבן זיך און אויך גע־האַלטן אַן אויג אויף שמעונען, וואָס האָט זיך געריסן אין דרויסן אַרויס. זי האָט אים נאָך פאַרטאָג, ווען די פּויערים האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט, באַשוואָרן ביי וואָס הייליק איז, ער זאָל זיצן אין הויז. די צוואָקסענע, שטענדיק רואיקע יידענע, איז איצט געווען פאַרענדערט. אירע פולע באַקן זיינען געווען בלייך מיט אַ קריידיקער בלייכקייט און די קליינע, שטענדיק־שטומפּיע אויגן האָבן זיך מאָדנע פאַרגרעסערט.

שמעון איז געזעסן ביים טיש, אַלע ווײַלע געכאַפּט אַ קוק אין יונהכעס אויגן און עס האָט זיך אים געדאַכט, אז זיי וועלן באַלד אָנהויבן שרייען.

שפּעטער אַ ביסל האָט מרים אָנגעהויבן ריידן צו די קינדער. זי האָט אין קלאָג צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און אויף ניין און געזאָגט:

— גאָטוניו שטאַרקער, וואָס בין איך אַזוי געשטראָפט, איך זאָל דאַרפן אָפּפינסטערן אַלע מיינע יאָרן צווישן גוים? גאָטוניו, גאָטוניו, האָב רחמנות אויף מיינע קליינע קינדער, אויף מיין מאַן און אויף אַלע מיינע ליבע און אויף אַלע יידן, גאָטוניו זיסער! באַווייז א נס און זאָלן זיי זיך צעגיין, ווי די חיות אין די לעכער, יעדער אין זיין נאָרע אריין! גאָטוניו! גיב זיי ניט איין קיין שלעכטע מחשבות, זיי זאָלן אונדז קיין בייז ניט טאָן!

די יידענע האָט גאָר ניט אויפגעהערט צו פּרעפּלען!... שמעון האָט שוין מער ניט געקענט איינזיצן. ער האָט געוואָלט אַרויס אין דרויסן צו זיינע שוועסטער־און־ברידער, צו די דערנידעריקטע און באַליידיקטע. ער האָט זיי עפּעס געהאט צו זאָגן. אָבער ווי נאָר ער איז אויפגעשטאַנען פונעם ביינקל, איז די יונהכע צוגעלאָפן צו אים, ווי אַ גרויסע, איבערגעשראָקענע קוואָטשקע און אים פאַרשטעלט דעם וועג.

— לאָזט מיך כאָטש קוקן אין פענצטער! — האָט ער זיך געבעטן.

— ווי גאָט איז דיר ליב, ווי גאָט איז דיר הייליק! — האָט זי אים ווידער באַשוואוירן.

ער האָט איר צוליב געטאָן, זיך צוריקגעזעצט אויף זיין ביינקל און זיך געמאַכט ניט זעענדיק און ניט הערנדיק, נאָר ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט ביים ביינקל און אומבאַמערקטערהייט זיך געטאָן א רוק און אַ רוק נענטער און נענטער צום פענצטער.

איצט האָט ער שוין געזען א גרויסן טייל פון דער רוישיקער פאַרזאַמלונג. ער האָט באַמערקט זאַכאַרענקאָן אַרויף אויפן ביינקל און ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס. ער האָט זיך קוים באַהערשט און געבליבן זיצן. ער האָט זיך איינגעהערט. זיין געהער האָט אויפגעכאַפּט איינציקע אויסרופן פון דעם רעדנער. נאָך זאַכאַרענקאָן איז אויפן ביינקל ארויף סטעפּאַן מורדיוק. זיין פנים איז געווען באַפאַרבט מיט אַ קרענקלעכער רויטקייט און די שווארצע אויגן האָבן געגלאַנצט, ווי ביי א באַנומענעם.

שמעון האָט באַלד דערהערט זיין שאַרף, שניידנדיק, הייזעריקלעך, אָנגעבראָכן קול:

— ליודי דאַברי! — האָט ער ווילד אויסגעשריגן — וואו איז פּאַווליוק?

דער אַנגעשטרענגטער אומרואיקער געוויש, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט פונעם סטעפּאַקל אַהער געטראָגן, איז מיט איין מאָל ווי אויסגעלאָשן געוואָרן. און באַלד האָבן זיך דערהערט איינציקע אויסרופן און עטלעכע מיטאמאָל: „אויסזוכן פּאַווליוקן!" „וואו איז פּאַווליוק?"

— אויסזוכן פּאַווליוקן!!! — האָט סטעפּאַן פאַרצווייפלט אויס־געשריגן, — רייי־־טער!! — האָט ער געשריגן, ווי ער וואָלט גערופן נאָך הילף צו לעשן אַ שׂרפה. זיין פּנים איז געוואָרן גרינלעך־גרוי און זיין ברייט מויל מיט די דינע בלייכע ליפּן האָט זיך צעקרומט. — רייטער! רייטער! לאָזט זיך נאָך פּאַווליוקן איבער אלע וועגן! שוין! שוין!! די מינוט!!!

די פּויערים האָבן געגאַפט: סטעפּאַן, דער העלדישער שוסטער האָט זיך פּשוט געשראָקן. ארסען האָט זיך הינטן ארום געפּרואווט ארויסרוקן פון דער סכאָדקע, אָבער עטלעכע פּויערים האָבן אים פאַר־שטעלט דעם וועג. סעמען סטארושקיעוויטש האָט זיך אין שרעק אראָפּגעזעצט און אויף אלע פיר צוגעקראָכן צו אַ פרייען פּלאַץ.

שוין זיינען עטלעכע פּויערים געלאָפן נאָך זייערע פערד, אָבער סטעפּאַן האָט זיי גערופן צוריק. ער האָט געשריגן מיט אַ פרעמד, קוויטשענדיק קול:

— ווערניטסיאַ! פּאַווליוק סיודי אידע! (קערט זיך אום! פּאַווליוק פאָרט אהערצו!)

פּאַווליוק איז געפאָרן, ניט ווי געוויינלעך, אויפן שפּאַק, — נאָר אויפן גניאַדע וואסקאַן. וואסקאַ איז געשפּרונגען און שפּרינגענדיק, געדרייט מיטן ניט־געשוירענעם שיין־אויסגעבויגענעם עק הין און הער און פּאַווליוק האָט מיט צעשפּרייטע הענט קאָמיש אונטערגעטאנצט אויף וואסקעס רוקן. ער איז שיעור אין עולם אריינגעפלויגן. זיין קליין, שארף פּנים איז געווען בלייך, די שווארצע האָר זיינען אים ווילד־צעפּאטלט געפאַלן אויפן שטערן, די גרינלעכע אויגן האָבן בשׂורה־אָנזאָגנדיק געגלאַנצט.

ער האָט ראַפּטאָם געטאָן אַ שטעל אָפּ דאָס פערד. וואַסקאַ האָט אומצופרידן געריסן דעם קאָפּ ארויפצו און שיעור דערלאנגט אַ זעץ דעם רייטער אין דער מאָרדע. פּאַווליוק האָט שווער געאָטעמט. ער האָט שווער געשטאַמלט דאָס ערשטע וואָרט:

— פּאַ־פּאַ־פּאַ־פּאַן קאזאלי, שטשאָ זאראַז וואָם אָטוויעט פּאַשליוט. (דער פּריץ האָבן געזאָגט, אז זיי וועלן אייך באַלד צושיקן אַ תשובה).

סטעפּאַן האָט אים שאַרף אָפּגעמאָסטן און בייז געפרעגט:

— אַ קאַלי!? (און ווען).

— איין פינף מינוט אַרום! — האָט פּאַווליוק גלייך געענטפערט.

— אַ טי דע בואוו? — (און וואו ביסטו דאָס געווען?) — האָט פלוצים זאַכאַרענקאַ אַ מעכטיקן געשריי געטאָן.

— ניט געפאָרן טשאַסטאָם קיין טשערעמיעיעוו??!

— אַ האָספּאָדי! — האָט אַ פויערטע אַרויסגעקוויטשעט מיט שרעק.

פּאַווליוק האָט גאָרניט געענטפערט. ער האָט געזען, ווי דאָס גאַנצע דאָרף, אַלעמענס אויגן קוקן אויף אים, זיינען אים חושד, אַז ער איז געפאָרן צום פּריסטאַוו נאָך דער שטראָף־עקספּעדיציע, נאָך קאָזאַקן. ער האָט געפילט ,אַז אַלע ווייסן שוין, וואו ער איז געווען.

זעט נאָר, זעט נאָר, ווי אַלע קוקן אויף אים און זאַכאַרענקאָ לאָזט זיך אפילו גיין צו אים און סטעפּאַן מורדיוק נאָך זאַכאַרענקאָן... אַנטלויף, פּאַווליוק, כל זמן דאָס לעבן איז דיר ליב!

ער טוט מיט איין מאָל אַ שניידנדיקן שמייס וואַסקאַן מיטן קליי־נעם, שוואַרצן אַראַפּניק און וואַסקאַ טוט זיך קונציק אַ דריי אויס מיט איין מאָל, אַ פּאַטש מיטן עק, אַ ריס מיט די פיס דעם שטויב...

און פּאַווליוק שמייסט ווידער דאָס פערד... דאָס פּאָלק לאָזט זיך נאָך אים... דאָ דערהערן די פּאָדערשע אַ לאַנגן, אויסגעצוי־גענעם געשריי הינטער זיך. דער געשריי איז פון איינעם, נאָר מען קאָן זיין קול ניט דערקענען, מחמת עס איז ענלעך צו אַ דערשטיקטן קריי פון אַ הון:

— גע־ווא־א־א־א־א־אלד!!!

און מיטאַמאָל כאַפּט דאָס געשריי אַרום די גאַנצע מאָסע מענטשן. ערגעץ פון הינטער יונחס גאָרטן שפּרינגען אַרויס רייטער אויף קליינע, פרעמדע פערד! קאָזאַקן אין שוואַרצע מונדירן מיט רונדע קאַשקעטן אָן דאַשיקעס, און גרויסע נאַהייקעס אין די הענט.

— אַקרוזשי בונטאָווּשטשיקאָוו! — באַפעלט איינער פון זיי (רינגל אַרום די אויפשטענדלער) און די רייטער לאָזן זיך אויף זייערע פערד אַרום עולם. אייניקע פויערים רייסן זיך אַרויס פון דער קייט און לויפן. זיי פילן דאָס בלוט פון אַ קאָזאַקישער נאַהייקע אויפן פנים, אין די אויגן, אין מויל — און לויפן ווייטער.

און איין קול, אַ צונויפגעגאָסנס פון אַ סך קעלער רייסט זיך איבערן גאַנצן דאָרף, ווערט ברייטער און ציטערדיקער און געדיכטער:

— גע־ווא־א־א־א־א־אלד!!!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס לויפן מוטערס מיט קינדער אויף די הענט, אָבער קאָזאַקן שאַנעווען זיי ניט. די קאַזאַקישע בייטש טרעפט דער מוטער איבער דער האַנט. דאָס קינד פאַלט אראָפּ און די מוטער בויגט זיך צו דעם און פאַלט אויף דעם אַרויף אונטער די שרעקלעכע קלעפּ פון דער קאַזאַקישער נאַהייקע, וואָס איז רויט פון בלוט.

דער קאַזאַק לויפט ווייטער. ער וויל דערלאַנגען אַ זעץ אַן אנט־לויפנדיקן יונגן פויער, אָבער זיין פערד טוט זיך אַ וואַקל און לויפט און שפּרינגט שוין, אַ ווילדער: אַ פויער האָט מיטן גאַנצן כח אריינ־געהאַקט דעם סערפּ דעם פערד אין הינטן אריין. דער פערד פליט, אַ באַנומענער, פון שרעק און ווייטיק גלייך אויף אַ פלויט, אויף אַ הויז... דער פלויט פאַלט מיט אַ טרישטש. דאָס פערד פאַלט און דער קאַזאַק — מיטן קאָפּ אַן דר׳ערד.

עטלעכע פויערים האָבן, ווילדע פון שרעק, זיך געלאָזט גראַד אויפן גאַרטן, פונוואַנען דאָס אומגליק איז געקומען און זיינען אומ־געשטערט אַוועק אין די פעלדער אריין זיך אויסצובאַהאַלטן, אָבער די מערסטע זיינען ארומגערינגלט געוואָרן פון די קאַזאַקן. ווער עס איז געלאָפן אין דאָרף אריין, איז פון די קאָזאַקן איבערגענומען געוואָרן און געטריבן געוואָרן צוריק.

מאַקאַר איז געלאָפן אַהיים, הגם אַהיים איז געווען ווייט. הינטער אים איז געלאָפן אַ קאָזאַק און געשריגן: „שטיי, איך שיס!״ מאַקאַר האָט געהערט. ער האָט זיך געוואָלט אָפּשטעלן און ניט געקענט.

„אין וואַסער, אין וואַסער אריין!״ האָט ער זיך געטריבן. און אַנשטאָט לויפן אַהיים דורך דער בריק, איז ער מיטן קאָפּ בערגל אַראָפּ און אזוי, אין די קליידער, אריין אין דער טיפער ריטשקע, ביים אופיסט. די קליידער זיינען מיט איין מאָל געוואָרן שווער און אַ שלעפּ געטאָן מאַקאַרן אַרונטער. ער האָט זיך אַנגעטאָן אַ כוח, זיך אַרויסגעהויבן פונעם וואַסער און דערזען פאַר א פּופּציק שפּאַן פון זיך דעם קאַזאַק. ער איז געשטאַנען, א שווארץ־אויסגעפּוצטער, אַ געגאָלטער, מיט קאַלטע, שמאָלע אויגן געקוקט גלייך אויף מאַקאַרן און געהאַלטן אַ קורץ ביקסל אויף גרייט.

— וויכאַדי, סוקין סין! (ארויס, הינטישער זון!) האָט דער קאַזאַק באַפוילן.

עס איז אַנגעלאָפן נאָך איין קאַזאַק, אַ רויטער מיט ווייסע אויגן און לאַנגע, דינע וואָנציעס. ער האָט זיך גלייך געצילעוועט אויף

מאַקאַרן און אויסגעשאָסן. מאַקאַר האָט זיך אונטערגעטונקען און זיך ניט געוויזן. די קאַזאַקן האָבן געלאַכט.

דאָס וואַסער האָט זיך געכוואַליעט, זיך צעלאָפן אין אייליקע רינגען... מאַקאַרס רויטע באָרד האָט זיך אַ שווערע און אַ טונקעלע באַוויזן איבערן וואַסער.

— זמילויסיא, גאַלובטשיק! — האָט ער זיך געבעטן (דערבאַרעם זיך, טייבעלע!) אָבער דער רויטער קאַזאַק האָט זיך שוין ווידער געצילעוועט אין מאַקאַרן.

דער פֿויער האָט זיך ווידער אונטערגעטונקען און דאָס וואַסער איבער אים האָט נאָך האַסטיקער אויפֿגעכוואַליעט.

און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די שפּיל, וואו מאַקאַר האָט זיך עפּעס אַזוי ווי געשפּילט אין באַהעלטערלעך... אַריין אונטערן וואַסער און זיך ווידער באַוויזן, ווידער אַרונטער און ווידער אַרויף, ביז ער איז אַזוי מיד געוואָרן, אַז ער האָט שוין מער ניט געקענט שווימען און באַשלאָסן זיך אונטערצוגבן. ער האָט געפּרואווט די טיפֿעניש — עס איז אים געווען ביזן מויל... נאָך איין שווים און ער שטייט שוין בלויז ביזן האַלדז. ער שטעלט זיך אָפּ און זאָגט:

— זמילויסיא, האַלובטשיקאַ! ער קוקט דערביי דעם רויטן קאַזאַק גלייך אין די ווייסע, פֿריילעכע אויגן. אָבער דער קאַזאַק שטעלט אָן אויף אים די ביקס. פֿון שרעק לאָזט זיך מאַקאַר צוריק אויף יענער זייט טייך. דער קאַזאַק שיסט אויס און טרעפֿט מאַקאַרן הינטן אַרום אין קאָפּ אַריין. דער קאָפּ טוט זיך אַ וואַקל רעכטס און לינקס, אַ ריס אַרויף און בויגט זיך אויף אַ זייט צו מאַקאַרס רעכטן אַקסל... נאָך איין מאָל און צוויי מאָל שווימט אַרויף די רויטע באָרד איבערן וואַסער און דער פֿאַרבלוטיקטער קאָפּ זינקט און דאָס וואַסער איבער אים זידט אויף מיט פֿרישן בלוט.

# קאַפּיטל פיר און פערציק

אַ פּאָר וועכסט פון אַטשערעטניע, וואו עס גרעניצן זיך די אַטשע־רעטניער פעלדער מיט די אַניוּוקער, שטייט דער שוואַרצער וואַלד. „שוואַרצער" רופט מען אים דערפאַר, וואָס די בוימער זיינען דאָרט אַזוי געדיכט, אַז די זון קומט קיינמאָל זומער אַהין ניט צו.

דער וואַלד הייבט זיך אָן ביי די פעלדער, באַרג אַראָפּ און נאָכדעם ציט ער זיך אַוועק אַרויף אַ באַרג און ווידער באַרג אַראָפּ. און דאָרטן אין טאָל איז דאָ אַ ריטשקע, וואו דאָס וואַסער איז אייז־קאַלט אפילו אין די גרעסטע היצן. ביי דער ריטשקע איז דאָ אַ קליין שטיבעלע, דעם אַלטן ליעסניטשיס וואוינונג. דער אַלטער שומר איז אַ ליאַך און ער איז זייער איבערגעגעבן דעם פּריץ, מחמת ער קער זיך מיט אים אָן לייבלעכע ברידער, פון איין פאָלק. די פּויערים רופט ער ניט אַנדערש, ווי „האַדיוקעס", אָבער „האַד ראַבאַטשערעווי" (שלאַנג, אָבער שלאַנג ראַבבייכיקער).

ער איז בלינד אויף איין אויג און דאָס זעענדיקע אויג זיינס האָט זיך צוגעוואוינט צו דער איביקער פינצטערניש און עס איז אַ געפאַר פאַר אָן אַרעמן פויער צו באַגעגענען זיך מיט אים, מחמת שטענדיק טראָגט ער אַ ביקס אויפן אַקסל און ער האַלט, אַז פאַר אַ גנב איז די בעסטע שטראָף — שיסן.

נאָר איין מאָל אין צוויי וואָכן, זונטיק, פאַרלאָזט דער אַלטער שומר דעם וואַלד. ער גייט אין שטאָט אַריין, דאַוונט דאָרט אין קאַסטיאָל און קויפט אַ קעסטעלע שוועבעלעך פאַר אַ קאָפּיקע. זיין אַלטער מאַרוואַן קויפט ער קיינמאָל גאַרניט. ווען ער קומט אַהיים, פרעגט ער זי בלויז, צי דאָס עסן איז פאַרטיק. אויב יאָ, עסט ער אָפּ און לאָזט זיך איבערן וואַלד כאַפּן האַלץ־גנבים. זעלטן ווען ער טרעפט עמיצן פון די דאָרפישע פויערים אין וואַלד; זיי מיידן אים אויס. פאַר אַ ביקס האָט אפילו דער העלדישסטער אַטשערעטניער מוזשיק מורא.

דער אַלטער פלעגט אַמאָל־אַמאָל צוגיין קיין אַטשערעטניע. זינט אָבער זיין שיינע טאָכטער, די וואָס איז געבליבן אַן אלמנה נאָכן פוילישן

פעלדפעבל, האָט חתונה געהאַט פאַר סטעפאַן מורדיוקן, טאָקי אַ בעל־מלאכה, אַ יחוס, אָבער דאָך אַ פּשוטער אוקראַינער פּויער, — האָט ער זיך פאַרשוואוירן, דער אַלטער, קיינמאָל דער טאָכטערס פּנים ניט אָנצוקוקן. שוין באַלד דריי יאָר, אַז ער איז אין אַטשערעטניע ניט געוועזן. ער ווייסט ניט, וואָס דאָרטן טוט זיך, עס גייט אים ניט אָן. צוויי ווערסט איז פאַרן שומר אַ ווייטער מהלך און ער האָט גאָרניט געוואוסט וועגן פּאָגראָם, וואָס די קאָזאַקן האָבן איינגעכטן אין דאָרף אָנגעמאַכט. ווער ווייסט, וואָס דער אַלטער וואָלט דערויף געזאָגט.

אָפּגעגעסן וועטשערע, פאַררויכערט ער די ליולקע און לאָזט זיך גיין אין וואַלד אריין, ווי איינגעכטן, ווי נעכטן און ווי אַלעמאָל.

דער באַרשטש איז היינט געווען געשמאַק, און דער אַלטער איז באַזונדערס אויפגעלייגט. ארום איז שטיל און קיל, און פינצטער. אין גראָז טוט עפּעס אַ שעלעפּע, אין די צווייגן רוישן שטיל פאַר־שלאָפענע פויגל. דער אַלטער ווייסט, אַז איצט איז נאַכט. עס איז ערשט האַלב חודש. אין פעלד איז איצט אַ קיילעכדיקע לבנה. דאָרט וואָלט ער גיכער געקאָנט דערזען די גנבים, אָבער וואָס האָט ער צו טאָן מיטן פעלד? אים איז באַשערט צו זיין אין וואַלד.

אַ שטילער ווינט לויפט דורך איבער די אויבערשטע צווייגן פון די דעמבעס און ריאַבינעס. עס איז נאָך זומער, אָבער דער אַלטער הערט, ווי עס פאַלט ערגעץ פון אַ בוים אַ בלעטל. דאָס איז פון דער זון, טראַכט דער שומר. — די זון לאָזט לאַנג ניט לעבן. זי שאַנעוועט קיינעם ניט, זי ברענט ווי ספּירט"... וואָס איז דאָס!!? דער אַלטער פאַן כאָדאָווסקי האָט געהערט, ווי עמיצער האָט אַ הוסט געטאָן. ער כאַפּט אַראָפּ די ביקס פונעם אַקסל און וואַרט. שטיל.

ער האָט אפילו ניט געקענט אויפכאַפּן, פון וואַנען און פון וואָס פאַר אַ זייט דער הוסט איז געקומען. „באַלד, טראַכט ער, וועט מען אָנהויבן האַקן, אָבער זעגן..."

פאַן כאָדאָווסקי וואַרט און וואַרט און קען זיך ניט דערוואַרטן און ער קלערט, אַז אפשר האָט זיך עס אים אויסגעדאַכט.

ער שטייט נאָך אַ ווייל און ווענדט זיך צו דער מאַטקאַ באָזקאַ (גאָטס מאַמע) זי זאָל אים אויסהיטן פון אַלע שלעכטיקייטן און — לאָזט זיך ווייטער גיין.

ווידער האָט מען אַ הוסט געטאָן, גאָר נאָנט, לעבן אים!

כאָדאָווסקי הערט: עמיצער רירט זיך צווישן די ביימער... מען רעדט! ווייזט אויס, מער, ווי איינער... דער שומר הערט זיך איין

— שטילער, שטילער... ער שאַרט זיך מיט געניטע טריט נענטער, נענטער... ער דערהערט אַ שווערן זיפץ און באַלד — טעמפּע קלעפּ און אַ מענערש קול אַן אָפּגעשוואַכטס און אַ בעטנדיקס רעדט:

„האַספּאָדי מילאָסערדי! טיי זמילויסיא־זשי נאַדאַ מנאָיו אי נע דיי מעני ז האָלאָדו פּאָמערטי! לוטשע בולאַ־ב מענע ווטאָפּיטי, אוביטי, — א נע האַניאַטי מענע האָלאָדנאָהאַ פּאַ פּאָליאַם אי ליסאַם! (הערשער באַרמהאַרציקער! דערבאַרעם זיך שוין איבער מיר און לאָז מיך ניט שטאַרבן פון הונגער! בעסער וואָלט מען מיך געוועזן דערטרונקען, געטויט, — איידער מיך ארומיאָגן איבער די פעלדער און וועלדער!)

דאָס קול ווערט שוואַכער און שוואַכער, עס ווערט איינגאַנצן אָנ־שטילט און כאַדאַוואָסקי הערט מיטאַמאָל יענעם ברומען ווי אַ חיה. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן פילט דער געטרייער, געוואַגטער שומר אַ מורא. ער וויל זיך אָבער ניט אונטערגעבן. ער נעמט זיך אָן מיט מוט און פרעגט.

— כטאָ טאַם? (ווער איז דאָרט?)

כאַדאַוואָסקי דערקענט ניט זיין אייגן קול... ער וויל ניט הערן, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט אים... ער פרעגט נאָך העכער, שוין אויף רוסיש:

— קטאָ טאָקוי!?

באַלד דערהערט ער אַ שורפּען אין גראָז און אַ האַלב־באַקאַנטע שטימע, אַ האַלב־באַקאַנטער נאָמען:

— פּאַני כאַדאַוואָסקי, זמילויטיסיא! טאָ יאַ, טאָ יאַ — סעמען קראַטיק, ז האָלאָדו פּאָמיראַיו! (האָב רחמנות! איך סעמען קראַטיק, שטאַרב פון הונגער!)

כאַדאַוואָסקי הייבט גאָרניט אָן צו פאַרשטיין. ער האָט שוין מער קיין מורא ניט און שיסן איז ניטאָ וועמען. ער זעצט זיך ארונטער אויפן פייכטן גראָז און ער הערט, ווי סעמען רעדט קוים:

— בידאַ! (אַ צרה).

— אַ שטשאָ? (און וואָס?)

— קאָזאַקי!

— קאָזאַקי?!

— קאָזאַקי! — קרעכצט סעמען.

— גוט פון אייערטוועגן, האָדעס, — טראַכט פאַן כאַדאַוואָסקי און פרעגט סעמענען, ווי אַזוי און וואָס און ווען... סעמען וויל הערן און ער קען ניט, ער פאַרהוסט זיך.

— עסן! א ברעקעלע ברויט! — בעט ער זיך. — טוט, פֿאַני, אַ זוך אין די קעשענעס, אפשר איז דאָ אַ ברעקעלע, א ברויזעלע!...

כאַדאווסקי געפינט בלויז א פּאָר ברעקלעך מאַכאָרקע אין די קעשענעס.

סעמען זאָגט: „פרידעטסיא פּאָמיראַטי" (ס'עט אויסקומען צו שטאַרבן). ער הייבט אָן טשידנע צו קרעכצען, צו הוסטן, ער פאַרגייט זיך און פאַלט אין גראָז אריין.

כאַדאווסקי כאַפּט אַראָפּ דאָס היטל פון זיך, צלמט זיך און לויפט נאָך ברויט. זיין אַלטע שלעפּט זיך אים נאָך. זי טראָגט אין א מעפל א ביסל וואַסער...

מען מונטערט אָפּ סעמענען. ווען ער דערשמעקט דאָס ברויט, הייבט ער אָן צו רעווען, ווי אַ בהמה... עס איז אַ מורא צו הערן! ער קייעט ניט, — נאָר ער שלינגט גאַנצע שטיקער... ער האָט קיין סך ניט צו שלינגען: איינגאַנצן א ריפּטעלע ברויט.

געשטילט א ביסל דעם הונגער, כאַפּט סעמען אָן כאַדאווסקיס האַנט און קושט זי און וויינט, ווי אַ באַבאַ... און די אַלטע כאַדאוו־שטשיכע כאַפּט אונטער זיין געוויין.

און סעמען רייסט זיך אליין איבער און טוט זיך אַ זעץ אין שטערן.

אַ גלאָוונע דילאָ יאַ אי זאַבואַווסיאַ! (און די הויפּט זאַך האָב איך פאַרגעסן) דאָרט, אראָפּ־אַ־באַרג, פון יענער זייט ריטשקע ליגט אייער סטעפּאַן און שטאַרבט פון הונגער! ער גייט אויס, ווי אַ הון. דאָס האָט ער מיך געשיקט צו אייך...

כאַדאווסקי שווייגט, אָבער די אַלטע הערט אויף צו וויינען און פרעגט:

— אָבער וואו, וואו איז ער?

— זאָל ער פגרן — פּסקנט דער שווער.

הייבט די אַלטע אָן צו פרעפלען:

— איינמאָל איז שוין מיין טאָכטער געווען אַן אלמנה, ביטער איז איר מאַמעס קעפּעלע!... אוי, אלטער, אַלטער! קום, קום און לאָמיר ראַטעווען! ראַטעווען מיין קינדס ברויטגעבער, קום, אלטער!

זי בעט זיך ביי אים, און ער הערט זי ניט. זי לאָזט זיך גיין און סעמען — נאָך איר.

כאַדאווסקי בלייבט א געפּלעפטער שטיין איינער אליין דאָ, אין פינצטערן וואַלד.

# קאַפּיטל פינף און פערציק

אַ מענטש קען קיינמאָל ניט וויסן, וואָס סע וועט אים אויסקומען צו טאָן. אזוי איז דעם אלטן, געטרייען פריצישן שומר אויסגעקומען צו באַהאַלטן בונטאָוושטשיקעס. ער האָט זיך אפילו געלאָזט לויפן צום פּריץ, אָבער סטעפּאַן, וואָס איז שוין געקומען צו זיך, האָט אַראָפּגעכאַפּט די ביקס פון דער וואַנט און געזאָגט:

— איר, פּאַני כאַדאָוסקי, פּרוּאוּט נאַר...

דעם אײדעמס חוצפּה איז געווען אזוי גרויס, אז דער אַלטער האָט שוין גאַרניט געהאַט וואָס צו זאָגן. זיין איינציק אויג האָט זיך אָפּגעשטעלט און ווי פאַרגלייזט, געקוקט אויפן אײדים. ער האָט געוואָלט אָנהייבן טופּען מיט די פיס און שטאַלץ, ווי אַן אמתער ליאַך אויסשרייען:

— פּשאַל וואָן פון מיין שטוב!... אָבער דעם אײדימס פּנים איז געווען שטרענג ווי פאַרגליווערט, מיט אַ קראַנקער געלקייט, און די שוואַרצע אויגן זיינען אַריין טיף אונטערן שטערן און פון דאָרטן געקוקט, שטיין געבליבענע, גלייך אויף דעם צעשראָקענעם, געפּלעפּטן שווער.

ביידע האָבן זיך אַ היפּשע ווײלע אָנגעקוקט און סטעפּאַן האָט געזאָגט:

— שוין אַנדערע צייטן...

דער שטאָלצער ליאַך איז אין זיין הויז געווען אַרעסטירט, אין געפאַנגענשאַפט, — און ביי וועמען? ביים כאַלישן אײדים!...

— דו וועסט נאָך טעלעבעמבען מיט די פיס, דו בונטאָוושטשיק!

— האָט דער אלטער מיט שנאה געזאָגט און איז אַרויס אין דרויסן, און סטעפּאַן — נאָך אים... איז שוין דער אלטער צוריק אַריין אין שטיבל און סטעפּאַן איז אוועק צו די פעלדער־צו טאָמער וועט ער עמיצן פון די היימישע דערזען.

דערווייל זיינען שוין פאַריבער פינף טעג נאָכן אָנפאַל פון די קאָזאַקן. ער איז געגאַנגען, זיך אלע ווײלע אָפּגעשטעלט און זיך איינגעהערט, צי קיינער גייט ניט.

עס איז געווען שטיל און פינצטער מיט דער איביקער שווארצ־וואַלדיקער פינצטערניש, וואָס זעט אין די זוניקסטע טעג אויס, ווי אַ פריער פאַרטאָג וואָס קען קיינמאָל ניט קומען. נאָך דורך די געדיכט־באַבלעטערטע הע‌מבעס און ריאבינעס, דורך זייערע צונויפגעפלאָכטענע צווייגן האָבן פון דער הויך פאַרקוקט ליכטיק־אויסגעוואַשענע קרומע הימל־ליניעס. אין אייניקע ערטער האָט זיך אפילו די זון דורכגעריסן מיט אַ שאַרפן, נאַכשפּירנדיקן ליכט.

סטעפאַן איז אזוי פּאַמעלעך פארגאנגען ביז צו די פעלדער. נאָך פון ווייטן האָט ער שוין דערזען און, דאכט זיך, אפילו דערפילט די גרויסע פעלדיקע ליכטיקייט. עס איז געוואָרן וואַרעמער און וואַרעמער. אונטער די פיס האָבן זיך אָפּטער און אָפּטער געטראָפן האלב־ווילדע בלעטער. דאָס געדיכטע וואַלד־גראָז איז דאָ געווען העכער, אָבער שיטערער ווי טיף אין וואַלד.

אין אייניקע ערטער איז דאָס גראָז געווען אויסגעדריסן מיטן וואָרצל. אין אייניקע פון די ערד־פּליכעס האָבן זיך געזען שפּורן באָרוועסע מענטשלעכע טריט און — פון פּאָסטעלעס.

סטעפאַן האָט מיטן אַרבל געווישט דעם שווייס אויף זיין שטערן און געהאלטן האלב־צוגעמאכט די אויגן אַקעגן דעם אַנקומענדיקן ליכט. פון ווייטן האָט עס זיך געוויגט און דערפון האָט זיך אויך די ערד, דאכט זיך, געוויגט אונטער די אָפּגעשוואכטע פיס.

ער איז צוגעקומען צום עק וואלד און מיטאמאָל פאַרמאַכט די אויגן. עס איז אויסגעקומען ניט אַנדערש, ווי דאָס פעלד וואָלט געברענט. ער האָט אָפּגעוואַרט א ווילע, פאַרזיכטיק געעפנט די אויגן און דערזען, אז עס איז נאָך גאָר־גאָר פרי.

דאָ איז געווען טאָלאָקע (ניט־געאַקערט פעלד). אַהער האָבן קינדער באַדאַרפט ברענגען די קי פאַשען, אָבער ניט אין אַזאַ פריער שעה.

סטעפאַן האָט געקוקט פאַר זיך. פון ווייטן האָבן זיך ארויסגעזען די צלמים פון אָטשערעטינער קלויסטער און די הייזלעך אויפן קליינעם ווינקעלע פון יענער זייט בארג, וואו מען גליטשט זיך ווינטער.

פונעם וואַלד איז עמיצער אַרויסגעגאַנגען און זיך געלאָזט גלייך צום דאָרף. סטעפאַן האָט זיך איינגעקוקט און דערקאַנט דעם שווער.

— יודא פריעדאטיעל! — האָט ער ביטער געזידלט און זיך געלאָזט לויפן נאָך אים. דער אַלטער האָט זיך אומגעקוקט, דערזען

סטעפאנען מיט דער ביקס, איז ער געבליבן שטיין און זיין איינציק אויג האט קיין וואונק ניט געטאן. סטעפאן איז אים פארלאפן דעם וועג הינטן ארום און גוזידלט:

— יודא פריעדאטיעל, הא? נו, מארש דאמאי! מיר וועלן זיך נאך צערעכענען.

דער אלטער כאדאווסקי האט געמוזט פאלגן דעם אידים. צו־געטריבן דעם שווער צום וואלד, האט זיך סטעפאן אנידערגעזעצט, נאכגעקוקט דעם שווער, וואס איז געווארן קלענער און קלענער צווישן די גרויסע, געדיכטע בוימער, זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צום פעלד און געבליבןווארטן אויף די אטשערעטניער קינדער.

# קאַפּיטל זעקס און פערציק

די זון האָט זיך געהויבן העכער און העכער און געטריקנט די ראָסע אויף די טונקעלע סטערניעס, דורכגעוואַקסענע מיט גראָז, בוריאַן און ווילדע ווייסע און געלע קווייטן.

פון ווייטן האָט מורדיוק דערזען עטלעכע קי אָנקומען. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, גענומען זוכן אין גראָז און, זוכנדיק, געגאַנגען נענטער צום וואַלד. סטעפּאַן האָט גוט געקאָנט יעדע קו און געוואוסט, וועלכע פון זיי וועמעס איז. ער האָט שוין אויך פאַרשטאַנען, וועמעס קינדער סע פּאַשען זיי. ער האָט געוואָלט לויפן אנטקעגן די קינדער, אָבער ער האָט זיך נאָך אַלץ מורא געהאַט צו ווייזן. האָט ער זיך פאַרזעצט צווישן די בוימער און זיך איינגעקוקט פון דער ווייטן.

דערוויל האָט מען געבראַכט צוטרייבן נאָך עטלעכע קי, נאָכדעם — נאָך עטלעכע. די קינדער האָבן זיך אויסגעזעצט ווייט אין פעלד און סטעפּאַן האָט זיי ניט געקענט זען.

ערשט שפּעטער, ווען די זון האָט אָנגעהויבן צו ברענען און די קי האָבן צערייצטע, זיך געראַנגלט מיט די פליגן, זיינען די קינדער צוגעקומען צום קילן, פאַרבאָטענעם פּריצישן וואַלד. זיי זיינען ניט געגאַנגען, נאָר — ווי זייער שטייגער איז — געלאָפן און געשפּרונגען איינס איבערן אנדערן. זיי האָבן זיך אַלעמאָל אָפּגעשטעלט, זיך אויף אַ קול געקריגט און זיך געזידלט און געשאָלטן מיט דינע, קינדערשע שטימען, אָבער ווערטער באַנוצט, ווי אַלטע שיכורים.

סטעפּאַן האָט אין די עטלעכע טעג פון גאָרניט טאָן אָנגעהויבן צו טראַכטן און צו באַקלערן זאַכן אַרום און אַרום און יעדער זאַך באַזונדער. אויך איצט האָט ער מיט פאַרדראָס געקלערט:

„אונדזערע קינדער וואַקסן אויס אין אומוויסנהייט און פינצטערניש. זיי ווערן געבוירן, ווי ווערים און ווי ווערים, גראָבן זיי זיך זייער גאַנץ לעבן אין דער ערד.“

די חברה איז געקומען נענטער. איינער פון זיי האָט שוין גע־װײנט און אַן אַנדערער, איוואן זאַלאַטאַשקאַ, א ווייס־האַריקער, מיט גרויסע ליפּן, האָט זיך אַנגענומען פאַרן געקריוודעטן.

— שלאָג ניט! — האָט ער געשריגן מיט אַ טאָן פון אַן עלטערן.

— שלאָג ניט, הינטישער זון! — און נאָך צוגעלייגט א שענדלעך רוסיש זידלוואָרט.

— און וואָס איז דיין עסק? — האָט אַן אַנדערער, סעמען קראַטיקס איינִיקל פאַררייסן געענטפערט.

זאַלאַטאַשקא האָט ברייט צענומען דאָס גרויסע רויטע מויל און מיט עזות באַפוילן:

— ניט שלאָגן — דאָס איז מיין עסק!... א יתום שלאָגט מען ניט!

— „וועגן וועמען רעדט ער עס דאָ?!" האָט זיך סטעפאַן גע־חידושט. ער האָט זיך איינגעקוקט, איינגעקוקט און ערשט שפּעטער, ווען דאָס וויינענדיקע יינגל איז אנשטילט געוואָרן און צוגעקומען נענטער, דערקאָנט אין אים דעם רויטבערדיקן מאַקאַרס צען־יעריקן זון.

סטעפאַן האָט זיך איינגעביסן אין דער איבערגעטריקנטער ליפּ. אויף א רגע, האָט זיך אים געדאַכט, אז ער האָט פאַרלוירן דאָס האַרץ, אָבער באַלד האָט עס אויפגעקלאַפּט אזוי אָפט, ווי עס וואָלט זיך געוואָלט דורכברעכן דעם ברוסטקאַסטן. עס איז אים פינצטער גע־וואָרן אין די אויגן און דער וואַלד איבער אים מיט דער קילער ערד אונטער אים האָבן זיך אַ וויג געטאָן. ער האָט מורא געהאַט פאַר אַן אָנפאַל פון הוסט און ער האָט זיך מיטביידע הענט אָנגעכאַפּט ביים ברוסטקאַסטן. ער האָט זיך געשטאַרקט, צוגענומען איין האַנט און זיך איבערגעצלמט.

„פאַרשמיסן, הייטס עס, אַ מענטשן צום טויט", האָט ער גע־טראַכט וועגן מאַקאַרן. צוויי קינדער פון הונגער געשטאָרבן און איצט — דעם פאָטער דערהרגעט!..."

סטעפאַנען איז געווען שווער צו אָטעמען. עס האָט אים געשטאָכן אין דער לינקער זייט. עס האָט אים ווידער געפינצטערט אין די אויגן. ער האָט ניט געקענט אריינאָטעמען דעם שמעקעדיקן וואַלדיקן ווינט. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן. עס איז אים געוואָרן גרינגער. דאָס ערשטע האָט ער זיך געכאַפּט צו דער ביקס. זי איז געווען מיט אים. ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן, ווי אזוי מען קומט צו צו די קינדער. דערווייל איז ער געזעסן און זיך צוגעקוקט.

מאַקאַר׳ס ייִנגל האָט שוין מער ניט געוויינט. די קינדער האָבן זיך געשפּילט אין „קאָזאַקן“. זיי זיינען געגאַנגען נענטער צום וואַלד און סטעפּאַן האָט זיך געשאַרט טיפער אין וואַלד אַריין. ער האָט זיך דאָ, אין דער טונקעלער קילקייט דערפילט בעסער און בעסער. ער האָט נאָכגעקוקט די קינדער.

זיי זיינען אַלע געווען פאַרזאַמלט ביים וואַלד, אין אַ שאָטן. פון וויטן איז זאַלאַטאַשקע געקומען צולויפן, דעם קאָפּ אָן אַ זייט, ווי אַ צעהיצט, צעווילדעוועט פערד. דעם קאַשקעט האָט ער אומגעדרייט מיטן דאַשיק צוריק און עס איז אויסגעקומען, ווי אָן אַ דאַשיק, ווי ביי אַ קאָזאַק... ער האָט שטאַרק געטופּעט מיט די פיס און געכראַ־פּעט, ווי אַ צעווילדעוועטער פערד. ער האָט זיך געטאָן אַ שטעל אָפּ, רייסנדיק זיך פאָרויס, קוים איינהאַלטנדיק זיך פון אַ שפּרונג.

ער האָט געדרייט דאָס צעעפנטע מויל, ווי דאָס צוימל וואָלט אים געשניטן די ליפּן ביז בלוט און געשריגן: „טררררר! טרררררטשששש!“ ער האָט באַפעלעריש אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט און אויסגערופן: „אָקרוזשי איך בונטאָווששיקאָוו!“ (רינגל זיי אַרום, די אויפשטענד־לער).

גלייך זיינען עטלעכע יינגלעך, אַלע מיט די דאַשיקעס אויף צוריק, מיט די בולאַווקעס אָנגעצילט אויף דער סכאָדקע, אונטערגעלאָפן. די סכאָדקע איז מיט איין מאָל אַרומגערינגלט געוואָרן.

— וו כאַלאָדנויו איך! (אין קעלטער) האָט זאַלאַטאַשקאַ באַפוילן. מען האָט גענומען טרייבן די פאַרזאַמלטע. עטלעכע האָבן זיך אַרויס־געריסן און גענומען לויפן, ווער וויט אין פעלד אַריין און ווער — צום וואַלד צו.

זאַלאַטאַשקע איז נאָכגעלאָפן איינעם, וואָס האָט זיך פון דער קאָזאַקישער קייט אַרויסגעריסן און געשריגן:

— אַ טי קודאַ, קראַסנאַיאַ באָראָדאַ? מאַרש אָבראַטנאַ! (און דו וואוהין, רויטע באָרד? מאַרש צוריק!) יענער איז אָבער ווייטער געלאָפן און זאַלאַטאַשקאַ נאָך אים מיט אַ ווילדן געשריי: „שטיי, הינטישער זון!“ אָבער די „רויטע באָרד“ האָט אים ניט געפאָלגט. ער האָט זיך בלויז איינמאָל אָפּגעשטעלט און געבעטן: „זמילויסיאַ, האָלובאָטשיק!“ (דערבאַרעם זיך, טייבעלע!) איך האָב אַ ווייב און קליינע קינדערלעך!“ אָבער זאַלאַטאַשקע האָט זיך ניט דערבאַרעמט: ער האָט געמאַכט: „באַך! טרראַך!“ און די „רויטע באָרד“ איז אומגעפאַלן.

סטעפּאן האָט דערהערט אַ דערשלאָגן, באַקאַנט געוויין. און באַלד האָט דער וויינענדיקער גערעדט:

— אוי, טאַטקו מי, יאַק־זשע מי בעז טעבע בודעם?! (אוי, טאַטע מיינער! ווי וועלן מיר זיין אָן דיר!?) דאָס האָט דער קליינער יתום באַוויינט זיין אומגעקומענעם פאַטער.

סטעפּאַן האָט שוין איצט פאַרשטאַנען, אז מאקאר איז דערשאָסן געוואָרן. ער האָט זיך מיט דער ביקס אָנגעצילט אין אַ בוים און געדראָט: איכל טויטן! דו, דו פריצישער אויסוואורף, דו! — האָט ער זיך געוואָרגן מיט די ווערטער. „וואו וואָלט איך שוין איצט געווען?" האָט סטעפּאַן ווייטער געטראכט. „און וואָס איז געוואָרן מיט פּראָקיפּן און מיט זאכארעַנקאָן? לעבן זיי נאָך? נו, און סעמען סטארושקיעוויטש? און די אַכט פּאַרובקעס, וואָס האָבן געבראכט צו־פירן דעם סטאַראָסטע אויף יענער אומגליקלעכער סכאָדקע?

וואָס־זשע וועט זיין, וואָס וועט פאַרט זיין? מיר וועלן ליידן און זיי וועלן אונדז נאָך שיסן, אונדזערע קינדער אויסמאָרדן פון הונגער און די עלטערן מאָרדן?

— וועסט ניט דערלעבן! — האָט סטעפּאַן געשאָלטן.

די קינדער אין פעלד האָבן דערוויל פאַרגעסן זייער שפּיל.

זאַלאָטאשקא איז געזעסן די פיס אונטער זיך און באַפוילן:

— שמייסן!

אַ קאָזאַק פרעגט: „וועמען?"

— אַלעמען! — ענטפערט זאַלאָטאַשקאַ. און די עקזעקוציע הייבט זיך אָן. די תליונים האַלטן בינטלעך גראָז אין די הענט שלאָגן די בונטאָוושטשיקעס און די געשמיסענע שרייען. דערנאָך פירט מען זיי אין דער „פּאָזשאַרקע" (וואו מען האלט אַ פּאָר פעסער אויף וואסער אין פאַל פון אַ שרפה) און מען פאַרשפּאַרט זיי דאָרטן.

איין קאָזאַק קומט צולויפן. ער סאַלוטירט און ראַפּאָרטירט:

— וואשיע בלאַגאַראָדיע! אַזוי און אַזוי... איין בונטאָוושטשיק, פּראָקאָפּ האָט זיך דעם האַלדז איבערגעשניטן מיט זיין סערפּ.

— כאַראָשאָ! (גוט) רופט אויס זאַלאָטאַשקאַ. ער זאָמלט צונויף קאָזאַקן און הייסט זיי גיין גוליאַיען (אַ הוליע טאָן) — גייט, ברידער־לעך, זאָגט ער זיי — און קוילעט צוויי קי און דריי חזירים און זעקס שאָף — און לאָמיר מאכן אַ סעודה! און ברענגט מיידן צו דער סעודה!

די „קאַזאַקן" נעמען זיך אַרום, טאַנצן און זינגען:

דיעווקי וו ליעס — יאַ זאַ נימי,
דיעווקי סיעלי — יאַ מיעזש נימי
קודאַ דיעווסקי — טודאַ יאַ!
(מיידן אין וואַלד — איך נאָך זיי
מיידן האָבן זיך געזעצט — איך צווישן זיי
וואו די מיידן — דאָרטן איך).

נאָכדעם האָבן זיי געזונגען אַ ניי ליד, וואָס סטעפּאַן האָט נאָך ניט געהערט:

ראַזוויעסיאַלי — יאָ סאַלדאַטי,
אַדנים סלאַוואַם — מאַלאַדצי!
צאַריו וויערים אי פּאַקאַרני
אי נאַ סלוזשביע מי פּראַוואַרני.
(פריילעכע סאַלדאַטן
מיט איין וואָרט: אויסגעצייכנטע!
געטריי דעם קיסר און געהאָרכזאַם
און פלינק אין אונדזער דינסט).

די „קאַזאַקן" האָבן זיך צעזונגען וואָס ווייטער, אַלץ הילכיקער. זיי האָבן, שכורע געשריגן. איינער האָט צוגעפייפט. די אנדערע האָבן געאוכקעט און געקוויטשעט.

פון ווייטן איז געלעגן „מאַקאַר", אַ דערשאָסענער און דאַ, ניט ווייט פון סטעפּאַנען האָט דער קליינער יתום באַווייינט זיין טאַטן:

טאַטקו מי! טאַטקו מי!
יאַק־זשע מי בעז טעבע בודעם?
(טאַטעלע מיינער! טאַטעלע מיינער!
ווי־זשע וועלן מיר אָן דיר זיין?)

# קאַפּיטל זיבן און פערציק

מער האָט שוין סטעפאַן אין וואַלד ניט געקענט איינזיצן. ער האָט אָפּגעוואָרט ביז פאַרנאַכט און איז אַוועק קיין אָטשערעטניע.

נאָך דער שטענדיקער פינצטערניש אין שוואַרצן וואַלד, איז אפילו די אָוונטיקע לבנה־שיין אין פעלד געווען שאַרף פאַר סטעפאַנען. ער האָט מיטגענומען דעם שווערס ביקס. ער האָט שווער געשפּאַנט אין די פייכטע סטערניס און געקומען נענטער און נענטער צו זיין פאַרפייניקט דאָרף.

וואָס איז געוואָרן מיט זיין שיינער קאַראָלינען? שלאָפט זי שוין, צי זי זיצט אין דער פינצטער,ביים קליינעם פענצטער און קוקט ארויס אויף אים? שטייט נאָך זיין ווייס־געקאַלכטע שטוב מיט די אַש־קאָלירטע קווייטן אויף די ווענט און טונקל־געלע ראַמען אַרום די קליינע, אויסגעוואַשענע פענצטער? האָט מען אים געלאָזט די קו? און וואָס איז געוואָרן מיט יונהס פאַר שיך און מיטן דיאַקס שטיוול? האָט מען זיי צוגענומען? וועט ער מוזן באַצאָלן פאַר זיי? ער האָט דעם דיאַקס שטיוול ניט נאָר פאַרריכט, ער האָט זיי אפילו אָפּגעפּוצט אויך.

ביז ער האָט דאָס דאָרף ניט געזען, איז זיך סטעפאַן געגאַנגען און געטראַכט פון קלייניקייטן אפילו, נאָר אָט האָט פונעם באַרג, וואו די שטיבלעך פונעם קליינעם ווינקעלע שטייען איצט איינגעהילט אין דער אָוונטיקער טונקלקייט, געגעבן אַ שלאָג אַ שיין, עפּעס אזא פּלוצימדיקע און אַ ראַשיקע זי האָט געוואָרפן פון זיך האַסטיקע און עזותדיקע שטראַלן וויט אין דער פינצטערניש אריין.

סטעפאַן האָט געגאַפט: קיין איינציקער פייער — אפילו די רייכסטע אין דאָרף — האָבן ניט פאַרמאָגט אזוינע העלע לאָמפּן... וואָס האָט דאָס געקאָנט זיין???...

סטעפאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך איינגעהערט. עס איז געווען שטיל. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע גרויסע טונקעלע פעלד הערט זיך איין אינאיינעם מיט סטעפאַנען צום אייגענעם דאָרף.

אויב דאָרט איז איצט אפילו ניט שטיל, קען מען אויך אָהער גאָר־ניט הערן. ער איז ערשט אָפּגעגאַנגען פונעם וואַלד אַ האַלב וועדסט. די פּלוצימדיקע שיין האָט אים אויסגעזען משונה און ער האָט זיך שוין געקליבן גיין צוריק. דערצו האָט ער נאָך געהאַט מיט זיך די ביקס. אויב די קאָזאַקן זיינען נאָך אין דאָרף, איז אַ גרויסע געפאַר אריינצוקומען מיט געווער.

ער האָט זיך געלאָזט גיין ווייטער אהיימצו. ער האָט געשמעקט די פייכטלעכע, פעלדיקע לופט, זיך איינגעהערט... ער האָט גאָר קיין ווינט ניט געפילט. ער האָט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צום וואַלד. אַ שוואַרצער אָטעם פון אַ ווינטעלע האָט קוים באַרירט זיין געזיכט: הייסט עס, אז דער ווינט איז אים אין דער פּלייצע, ווען ער גייט צום דאָרף און דערפאַר קען ער נאָך דאָס דאָרף ניט שאַרף איינגעקוקט אין דער שיין, וואָס האָט אָן אויפהער פונעם הימישן בערגל געשטראָמט אַהערצו.

באַלד האָט ער דערהערט דאָס ווייטע בילן פון די פּריצישע הינט און שפּעטער אויך דאָס בילן פון די פּויערשטע הינט און צווישן די קולות מיט פרייד דערקאָנט אויך דאָס בילן פון זיין הינטל, ביע־לאָטשקאַ. זי איז זיך שוואַך פאַרגאַנגען, אָבער ניט אָפּגעשטאַנען פונעם כאָר...

אינעם הינטישן געוואָי האָט זיך איינגעשניטן אַ קוויטש פון אַ פרוי, איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל... סטעפּאַן האָט ניט געפילט, ווי ער האָט אָנגעהויבן צו שפּאַנען האַסטיקער און האַסטיקער. ווידער האָט זיך דערהערט דער שניידנדיקער קוויטש פון דער פרוי. דאָס געבילעריי פון די הינט האָט אויף אַ ווײַלע אויפגעהערט און באַלד צוריק געקומען.

איצט איז שוין סטעפּאַן געווען זיכער, אַז די קאָזאַקן זיינען דאָ. ער איז אויך געווען זיכער, אַז דאָס שרייט אַזוי שרעקלעך זיין שיינע קאַראָלינע, אַ געמוטשעטע פון די סאָלדאַטן. ער האָט שוין מער אויפן פייער זיך ניט געחידושט, ער האָט נאָר געוואָלט וואָס גיכער אָנקומען אַ היים און ראַטעווען זיין ווייב פון די רוצחישע הענט.

פונעם האַסטיקן גאַנג האָט אים אָנגעהויבן שטעכן פריער אין דער לינקער זייט, נאָכדעם — אין ביידע זייטן. ער האָט פאַרקלעמט די ביקס אין זיינע פינגער און געפילט ווי זי ציטערט אין זיי. ער איז געווען אַזוי אויפגערעגט, אז ער האָט אפילו פאַרגעסן צו טראַכטן, פאַרוואָס די קלויסטער־גלעקער קלינגען ניט אויף אַ שרפה.

ער איז צוגעקומען ניט ווייט פונעם דאָרף און דערהערט שכורע מענערשע קוויטשען און אויסגעשרייען פון טאַנצנדיקע. עמיצער האָט געקלאַפּט אין אַ בלעך און עטלעכע מענערשע שטימען האָבן זיך איבערגעשריגן:

— האָפּ האַ!

— האָפּ ליאַ!

— האָפּ האַ!

— האָפּ ליאַ!

דאָס געשריי פון דער פרוי האָט מען שוין מער ניט געהערט.

עס האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם, דאָס שטעכעניש אין די זייטן האָט, דאַכט זיך, נאָכגעלאָזט, די שטאַרקע שיין פונעם באַרג האָט געטאָן אַ שווים פאַר זיינע אויגן. ווי הונדערט פאַלנדיקע שטערן און סטעפּאַן האָט זיך אַראָפּגעזעצט.

---

ווען ער איז געקומען צו זיך, איז אין פעלד געוואָרן נאָך ליכטיקער ווי פריער, ליכטיקער און שטילער. שטיל איז שוין אויך געווען אין דאָרף. דאָס בילן פון די הינט האָט זיך שוין ניט געהערט, נאָר פון צייט צו צייט האָט נאָך אַ הונט אַ מידן ביל געטאָן און אַ צווייטער און אַ דריטער האָט זיך איינציקווייז אָפּגערופן.

אַ געדאַנק האָט מיט איין מאָל דורכגענומען סטעפּאַנען... פון אויפרעגונג האָט ער זיך געטאָן אַ זעץ אויף, מיט אַ קרעכץ זיך אויפגעשטעלט און זיך איינגעקוקט אין דער שרפה אויפן בערגל... „דאָרט איז דאָך זאַכאַרענקאָס שטיבל!" ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער קינדער־שפּיל בייטאָג, אין פעלד: אָט ווי די קאָזאַקן גוליאַיען? וואָס איז געשען מיט זיין שטוב און מיט זיין כאַדאַבע? (פּי).

ער איז געגאַנגען ווייטער. ער האָט זיך פאַרדרייט לינקס, צו די לעוואַדעס. ווען ער איז געקומען אַהין, האָט ער דאָס פייער ניט געזען. ער האָט געמאַרקירט אויסצומיידן דאָס דאָרף און דורך הינטער־הינטער וועגן צוקומען צו זיין שטוב.

אַלעמאָל אין דער צייט קאָן מען טרעפן אין די לעוואַדעס אַ סך פּויערים מיט זייערע פערד. איצט איז די לעוואַדע פּוסט און שוואַרץ. פון אַלע זייטן טראָגן זיך אויף סטעפּאַנען גרויסע, גרוילעכע שאָטנס. זיי פאַרגייען אים דעם וועג און ווילן אים ארומרינגלען... אָבער סטעפּאַן וויל זיך מער ניט שרעקן. דאָס גראָז אונטער זיינע פיס ווערט

טיפער און פייכטער, די ערד — ווייכער און ראַיען קאַמאַרן באַפאַלן אים.

אַט איז דער ערשטער היימישער גאָרטן.

סטעפאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט. ווי קאָן ער עס שטיין? ער שפאנט ווייטער, ביז ער קומט צו צו זיין אייגענעם גאָרטן. ער כאַפּט זיך אָן ביים פּאווי, קלעטערט ארויף דעם פון יאָרן־אייגעטראָטענעם ליימיקן אָנשיט... ווידער אַראָפּ אין גראָז — ער איז ביי זיך!

די וויינשל־בוימלעך רינגלען אים אַרום און זאָגן אים עפּעס שטיל און שאַ. דער גרויסער, אַלטער באַרנבוים טוט זיך אַ וויג און קרעכצט מיט אַן איבערגעטריקנטער, פרוכטלאָזער צווייג. סטעפאַן לויפט צו דער קלוניע. ביי דער קלוניע איז די עפענונג פונעם קעלער. ער לאָזט זיך אַראָפּ אין קעלער און פאַרגראָבט די ביקס אין די קאַר־טאָפליעס. ער קומט אַרויס און גייט באַרג־אַרויף.

פון ווייטן זעט ער, ווי דער פּאָדוויר זיינער איז באַלויכטן פון דער לבנה. אין שטיבל איז פינצטער. ער פרואווט איבערדרייען דעם פאַררוקער פון דער דרויסנדיקער טיר. דער פאַררוקער דרייט זיך, אָבער די טיר עפנט זיך ניט. ער וויל שוין גיין אָנקלאַפּן אין פענצטער און דערהערט עמיצן שטיין פון יענער זייט טיר.

— קאַראָלינאַ! — רופט ער שטיל אויס.

— סטעפאַנע! — זאָגט דאָס ווייב פון יענער זייט. די טיר עפנט זיך און סע אָטעמט אויף סטעפאַנען מיט וואַרעמקייט און סע פאַרכאַפּט אים דעם אָטעם. אָט־אָט און ער וועט פאַלן אין אָנמאַכט... וואו נעמען זיך צו אים די כחות?! ער כאַפּט דאָס ווייב אויף די הענט. זי וואַרפט זיך אין זיי, אַ וואַרימע, אַ לעבעדיקע און ציטערט אינגאנצן פון געלעכטער און געוויין.

# קאַפּיטל אַכט און פערציק

קאַראָלינע האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע אָרעמס. זי האָט פלינק פאַרהאַנגען אַלע דריי קליינע פענצטער. זי האָט געעפנט דעם אויוון און סטעפאַן האָט דערזען, ווי דער אויבן־אַויסגעלאָשענער שטרוי־זשאַר האָט טונקל־רויט אויפגעטליעט און עס האָט פאַרשמעקט מיט געברשטענעם קוליש און קאַשע אין דער מילך.

קאַראָלינע האָט גערעדט און איר שטים האָט אַזוי געציטערט, אַז סטעפאַן האָט ניט געוואוסט, צי זי וויינט, צי זי לאַכט:

— אַלע טאָג, מוזשיק מיינער, קאָך איך פאַר דיר וועטשערע. וואָס איך קאָן, עס איך אויף און וואָס ניט, לאָז איך איבער און נאָכדעם גיב איך עס אַוועק. נעכטן ערשט די אָרעמע יתומים אַוועקגעטראָגן צוויי טעפּ געקעכטס, אייערנעכטן — פּראַקיפּס און נעכטן — מאָ־קאַרס... און מאָרגן וועל איך שוין ניט טראָגן! ניט טראָ־אַ־אָגן, ניט טראָ־אָ־אָ?אָ?אָגן! — האָט זיך קאַראָלינע אויף אַ קול צעוויינט — שוין ניט זיין מער קיין מילקיכער קוליש!

— פאַרוואָס?! — האָט סטעפאַן ניט פאַרשטאַנען.

קאַראָלינא האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט און דורכן געוויין קוים אַרויסגעבראַכט:

— צוגענומען אונדזער מאַמע־קיעלע, צושניטן זי אויף שטיקלעך, אויפגעפרעסן זי, ווי וועלף אָנגעפאַלן און פאַרצוקט אונדזער שפּייזערן! אַו, אַו, אַו, אומגליק מיינער פינצטערער!

סטעפאַן האָט זיך ניט פאַרלוירן און, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מאַנס־ביל, שטרענג און אַפילו קאַלט באַפוילן און ס׳זאָל אויסקומען וואָגיקער — אויף רוסיש:

— ניע פּלאַקאַט!! (ניט וויינען).

האָט זיך ערשט קאַראָלינע צעוויינט. האָט שוין סטעפאַן גאָר בייז, מיט דעם טאָן, וואָס ער באַנוצט — כאָטש זייער זעלטן — איידער ער דערלאַנגט איר אַ זעץ:

— שוויגן, זאָג איך!

קאַראָלינע איז שטיל געוואָרן, זיך גענומען פּאַרען אַרום אויוון. זי האָט זיך באַמיט צו זיין שטיל, אָבער אַלע ווײַלע האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסן אַ מין שלוקעכץ מיט אַ איכץ, ווי ביי אַ וויינענדיק קינד.

סטעפּאַן האָט זיך דערווייל אָנגעבויגן אונטער הער שווערער, דעמבענער באַנק, וואָס איז געשטאַנען לענג אויס דער וואַנט און געזוכט דעם דיאַקס שטיוול און יונהס פּאָר שיך. ער האָט אין דער פינצטער געטאַפּט און בייז געסאָפּעט מיט דער נאָז. דאָ האָט ער דערהערט, ווי קאַראָלינע לאַכט צו זיך אַליין... עס איז אים אויסגעקומען, ווי זי רייצט זיך מיט אים און ער איז שוין אין דער אמתן אין כעס געוואָרן אויף איר. ער האָט שיעור אַ מיאוס זידלוואָרט געזאָגט...

— טי טשאַהאָ? — (דו וואָס) האָט ער זי שטרענג געפרעגט.

— און איך האָב דיין באַשטעלונג באַהאַלטן — האָט זי געזאָגט.

— מאָלאָדיעץ! — האָט זי סטעפּאַן געלויבט. ער האָט זיך, אַ פריילעכער אויפגעהויבן פון דער ערד.

אויף דער דרויסנדיקער טיר האָט עמיצער געשקראַבעט.

— איצט זיינען מיר פּאַרפאַלן! — האָט קאַראָלינע אויסגערופן. ער האָט מיט זיין האַנט פאַרשטעלט איר מויל. זיי האָבן זיך איינגעהערט. פון ווייטן האָט זיך געהערט סאָלדאַטיש געזאַנג. דאָס איז שוין ניט געווען דאָס פריערדיקע שכורע הוליען, נאָר דאָס זינגען פון מענטשן אונטער עמיצנס קאָמאַנדע. און חוץ דעם האָט דאָס געזאַנג אָנגעהויבן ווערן ווייטער און ווייטער און שוואַכער... און דאָ האָט מען געריסן די טיר. אין דער אומגעדולדיקער שקראַבעניש האָט זיך אַריינגעריסן אַ מין קאַווניוטשען. קאַראָלינע האָט אָפּגעזיפצט און פריילעך געזאָגט:

— און דאָס איז דאָך אונדזער ביעלאָטשקאַ!

סטעפּאַן האָט צופרידן באַמערקט:

— דעם באַלעבאָס דערפילט. — ער האָט שוין געוואָלט גיין עפענען דעם הינטל די טיר, אָבער די ווייב האָט אים ניט געלאָזן.

דערווייל איז דאָס זעלנערשע געזאַנג געוואָרן גאָר ווייט און באַלד איז דאָס אינגאַנצן אַנשטילט געוואָרן. ביידע האָבן זיך איינגעהערט און איינגעהערט און סטעפּאַן האָט געפרעגט: „טשויעש?" (הערסט).

— פישלי! — (אָפּ!) האָט זי מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם געזאָגט.

— דאַכט זיך, — האָט סטעפּאַן באַמערקט — אַז איך הער נאָך.

— ניין, — האָט זי זיך געשפּאַרט — סע קלינגט דיר אין די אויערן.

— גיי איך עפענען די טיר — שטעלט ער זיך איין.

— וואַרט, — זאָגט זי — איך הער, דאַכט זיך, אויך זייער זינ־געניש.

ווירקלעך, פון ערגעץ איז געקומען אַן אָפּקלאַנג, וואָס ניט מען האָט עס געהערט און ניט מען האָט געקאָנט זאָגן, אַז מען הערט עס ניט, אָבער עס האָט זיך דאַך געטראָגן אַהער פון דער ביינאַכטיקער ווייטקייט.

מיט אַמאָל האָבן זיך ניט־קלאָרע קלאַנגען פאַרוואַנדלט אין אַן אויסגעצויגענעם צעשראָקענעם און לאַנגן־לאַנגן געשריי.

אַזוי ווי דאָס פריערדיקע געזאַנג האָט זיך דערווייטערט און גע־וואָרן שטילער, — אַזוי האָט זיך דער איצטיקער געשריי געשטאַרקט, זיך מיט אַמאָל ווי איבערגעבראָכן, ווי אויף צווייען צע־שפּאָלטן און פון דעם אויסגעקומען ווי פאַרטאָפּלט, אָבער פון דער פאַרטאָפּלטקייט ניט שטאַרקער, גאָר נאָך שוואַכער, נאָך הילפלאָזער געוואָרן.

און ביעלאַטשקאַ האָט דערווייל געריסן די טיר און איר פריער־דיקער אומגעדולדיקער פריידיקער קוויטשען האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ יאָמערלעכן באַוויינען.

און באַלד האָט דער קלויסטער־גלאָק, דער גרויסער דער גראָבער גלאָק פאַרטויבט מיט זיך דעם געוואַלד מיט ביעלקעס וואויען. „באָם־באָם!" האָט ער ניט אויסגעקלונגען, נאָר ווי אויסגעקלאַפּט מיט אַ שווערן האַמער איבער אַ ריזיקן טשאַוואונענעם באַניאַק און באַלד — נאָך גרויזאַמער: „באָם־באָם!" זיך אַ ווײַלע איבערגעהאַקט און ווידער אַמאָל האַרט און שוין הילכיקער ווי פריער אַנגעהויבן רופן:

— באָם־באָם! באָם־באָם! באָם־באָם!

דער קלאַנג פונעם סאָלדאַטישן ליד איז שוין איצט אינגאַנצן אויסגערונען און נאָר דער אומאויפהערלעכער „באָם־באָם" פונעם שווערן קלויסטער־גלאָק האָט זיך געריסן פון דעם הויכן גלאָקן־טורעם און זיך געשפּרייט איבערן דאָרף. יעדער קלונג האָט אָפּגע־הילכט מיט אַ ברייטערן, טיפערן און געדיכטערן קלאַנג, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן צווייטן מיטן דריטן, ווייטער און ווייטער, ברייטער און ברייטער... עס האָבן שוין געברומט די שויבן אין די קליינע פענצטער, די ווענט, די ערד אונטער די פיס, עס האָט זיך געדאכט, אַז דער גאַנצער אינדרויסן ברומט דעם רוף נאָך הילף.

סטעפאַן מיט קאַראַלינען האָבן דערהערט, ווי ביי זייער שכן, סעמען ראַסאָסקי האָט זיך די טיר געעפנט מיט א שאַרפן סקריפּ. עס האָט א קלונג געטאָן א ליידיקער עמער אין פלויט און ראַסאָסקי האָט מיט א טויב־פאַרדומפּן קול ניט אויסגעשריגן, נאָר אויסגעוויינט: „פאַ־זשאַ־אַ־אַ־אַר!!!” און זיין ניין יעריקער וואקולאַ האָט מיט א דין, הייזעריק קולכל אונטערגעכאַפּט: „פאַ־זשאַ־אַ־אַ־אַר!!!”

פון דאָ און פון דאָרטן האָט זיך שוין דערטראָגן א פּילפּיסיק טופען.

סטעפאַן האָט געכאַפּט אַן עמער און איז אַרויס אין דרויסן. די שרפה האָט פון ווייטן אויסגעזען קליין צו זיין שרעקלעך. ער איז אַריבער דעם פּערעלאָז. אויף אים איז אָנגעלאָפן סעמען סטראַטוש־קיעוויטש מיט צוויי עמער.

— וואו ברענט? — האָט סטעפאַן געפרעגט.

א טי שטשאַ, סליפּיי? (און דו ביסט וואָס — בלינד?) האָט סעמען בייז אָפּגעענטפערט און ווייטער געלאָפן. סטעפאַן — נאָך אים. זיין רואיקייט האָט אים אָנגעהויבן פאַרלאָזן. ער האָט געפילט, אז ער שטעקט זיך אָן מיט אַ גרויסער, ווילדער שרעק. אָט־אָט און ער וועט אויסשרייען „גוואַלד!” איבערן גאַנצן דאָרף. ער האָט זיך באַהערשט און געשריגן צו סעמענען:

— לאָמיר לויפן אין פּאָזשאַרקע מיט פערד נאָך די פייער־פּעסער!

— דורען! — האָט אים סעמען מכבד געווען.

סטעפאַן האָט גאָרניט פאַרשטאַנען. ער האָט איבערגעיאָגט סע־מענען און אים געפרעגט:

— ביסט פון זינען? וואָס רעדסטו אזוי טשידנע. דערויף האָט סעמען געענטפערט, א מידער און א פאַרסאַפּעטער:

— די פייער־קאַמער איז פול מיט מענטשן.

— ביסטו אַ גולם, ניט איך! — האָט סטעפאַן אים געזידלט — איך לויף ראַטעווען די מענטשן. ער האָט געוואָלט אַ וואַרף טאָן דעם עמער אָן דער ערד, עס האָט אים אָבער באַנג געטאָן און ער איז מיט אים אין האַנט ווייטער געלאָפן. פון אלע זייטן זיינען אָנגע־לאָפן פויערים, אויך אייניקע פויערטעס און אפילו א קינד. ווען סטעפאַן האָט געקאָנט, האָט ער פאַרנומען מיט זיך.

— ראַטעווען די לעבעדיקע — האָט ער הייזעריק געשריגן. בלויז פיר פויערים האָבן אים געפאָלגט. אלע זיינען געלאָפן צום פייער מיט אַזאַ כח, מיט אַזאַ ווילדקייט, אז עס איז זיי אוממעגלעך געווען

אפצושטעלן. ער האָט געפּרואווט אָנכאַפּן אַ לויפענדיקן פּויער ביי דער האַנט, האָט יענער אים מיטגעשלעפּט און סטעפאַן איז אומ־געפאַלן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און דערזען, אַז ער איז געבליבן אַן נאָכפאָלגער. ער האָט זיך איינגעקוקט אין דער שׂרפה. ער האָט אויסגערעכנט, אַז דאָס ברענט זיכער זאַכאַרענקאָס שטוב. אַ שוואַרצער רויך האָט זיך איצט געקנוילט אַרויף און זיין שוואַרצקייט איז געווען דורכגעלויכטן מיט טונקל־רויטע פלאַמען און גרויסע שטראַמען פונ־קען, וואָס האָבן זיך געריסן אַרויף, זיך מיט פייערדיקע סנאָפּעס צעווייעט און צעשפּריצט אויף אַלע זייטן, זיך ווידער געזאַמלט אין איין שטאַלטנע פייערדיקן פונקען־שטראָם און, צעפאַלנדיק זיך, גע־זונקען אין די פייערדיקע צונגען. דער פלאַם האָט זיך אַ ריס געטאָן, דורכגעריסן דעם רויך, מיט איין מאָל אים אַ וואָרף געטאָן אָן אַ זייט, זיך צעשפּרייט, אויסגעברייטערט און זיך פרייַ אַ וויג געטאָן, ווי אַ גרויסער, דורכגעריסענער פייערדיקער ליילעך. די מענטשלעכע גוואַלדן האָבן, דאַכט זיך, אויפגעהערט. די הינט האָבן איבערן גאַנצן דאָרף געבילט און דער גלאָק האָט ניט אויפגעהערט צו קלינגען און צו רופן און צו בעטן און מאָנען:

— לעשט־לעשט! באָם־באָם! באָם־באָם!

סטעפאַן האָט זיך אַליין אויסגעזידלט, וואָס ער האָט זיך אין מיטן דרינען אָפּגעשטעלט. ער האָט ווידער געזוכט זיינע פיר נאָכ־פאָלגער, אָבער קיינער פון זיי איז דאָ ניט געווען. ער איז איינער אַליין אַוועק צו דער פּאַזשאַרקע, „וואָס איז פול מיט מענטשן".

נאָך פון וויטן האָט אים דורכגענומען אַ מאָדנער ריח. צוערשט האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז די סמאָלינע פון דער שׂרפה... ניין, ניט דאָס... עפּעס גאָר אַ זיסלעכער גערויך. וואָס זאָל דאָס זיין?

וואָס נענטער ער איז צוגעקומען צו דער פּאַזשאַרקע, אַלץ אָפּ־שטויסנדיקער איז דער אויר געוואָרן. ער האָט זיך שוין געמוזט פאַר־שטעלן די נאָז; אָבער עס האָט ניט געהאָלפן: דער פאַרפּעסטעטער אויר איז אים געקראָכן דורך די אויגן, דורך אַלע אבֿרים. דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט. ער האָט שוין מער ניט געקענט האַלטן דאָס מויל פאַרפּרעסט און אַ הוסט געטאָן און דערפילט, אַז ער האָט זיך אָנגעזאָפּט מיט אַ מיאוסקייט, וואָס האָט אים אינגאַנצן צעשפּאַרט.

און אָט איז די פּאַזשאַרקע.

ער האָט באַמערקט פון וויטן, ווי די טיר איז אויסגעבראָכן און אויף דער ערד, אַרום דער קליינער, שמאָלער געביידע, געדעקט מיט רויטן בלעך, פויזען אַרום מענטשן און קרעכצן.

סטעפאן איז צוגעלאפן. ער האט געפרואווט עמיצן דערקאנען, אבער דאס איז אוממעגלעך געווען: אויף אים האבן געקוקט ווילד־פארוואקסענע פנימער, אויסגעשמירטע, איינגעטונקען אין אפפאל און אין ערד. די מענטשן זיינען געקראכן אויף אלע פיר און געוואיעט, ווי חיות. איינער פון זיי האט מיט א האנט שטום געוויזן אויף דער פאזשארקע. סטעפאן איז אריינגעלאפן אהין. ער האט אנגעריבן א שוועבעלע און דערזען א שווארצן סילועט פון א מענטשן. ער איז געלעגן מאדנע איינגעקארטשעט, די בארוועסע פיס צעשפרייט און דעם קאפ פארריסן. סטעפאן האט זיך איינגעבויגן און אקעגן אים האבן אין דער פינצטער בלאס אויפגעגלאנצט פארשטשימעטע ווייסע טויטע ציין.

סטעפאן איז ארויס פון דער פאזשארקע. ער איז געלאפן און, א באנומענער געשריגן מיט א פרעמד קול:

— געוואלד! גוואא־א־אלד!!! געווא־א־א־א־א־אלד!!!

(סוף פונעם צווייטן בוך)